דוד בריזשער

# חנה סענעש

## און אַנדערע דערציילונגען

יידישע שול אין מעקסיקע

1960

אַרויסגעגעבן דורך דער

פאַרוואַלטונג פון דער יידישער שול

לכבוד דעם מוטער-פאַרבאַנד

ווי אַ צייכן פון אָנערקענונג פאַר דער

געטרייער אַרבעט לטובת דער

דערציונג פון אונדזערע קינדער.

מעקסיקע, ד. פ.

# חנה סענעש

## א.

ס׳האָט געהערשט אַ שווערע שטילקייט אין דער נאַצי־שער טורמע פון בודאַפעסט. דער לאַנגער קאָרידאָר, וואָס האָט אָפּגעטיילט צוויי שורות פון טורמע־צעלן, איז געווען פינצטער. בלויז אַ בלייכע, שיין איז געקומען פון די קליינינקע פענצ־טערלעך אין די טירן. דאָ און דאָרט האָבן זיך באַוויזן ביי די פענצטערלעך אויסגעצערטע פנימער פון אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן מיט פיבערדיקן אויגן געקוקט צו די פענצטערלעך פון דער צווייטער זייט קאָרידאָר.

מיטאַמאָל איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן פון אַ געשריי פול מיט פרייד און דערשטוינונג:

— זעט נאָר! זעט נאָר!

ס׳האָבן זיך באַלד באַוויזן עטלעכע צונויפגעדריקטע פני־מער ביים פענצטערל פון דער צעל, פונוואַנען דאָס געשריי איז געקומען. עס האָבן זיך באַלד געהערט אויסרופן:

— זעט! זעט! אותיות!

— פּאַפּירענע אותיות!

— יידישע אותיות!

אויפן קעגנאיבערדיקן פענצטערל זיינען איינציקוויז דער־שינען גרויסע יידישע אותיות אויסגעשניטן פון צייטונגס־פּאַ־פּיר. די אַרעסטאַנטן האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם און גע־פּרואווט לייענען די ווערטער, וואָס די אותיות האָבן צונויפ־געשטעלט. אַ ווײַלע זיינען אַלע געווען שטיל. די זעלביקע אותיות האָב זיך ווידעראַמאָל באַוויזן אין דער זעלביקער אָר־דענונג. מיטאַמאָל האָט איינער פון די אַרעסטאַנטן אויס־גערופן:

— חנה סענעש! חנה סענעש! חברטע חנה סענעש!

ערשט איצט האָבן די אַרעסטאַנטן באַמערקט, אַז די אי־בערגעחזרטע אותיות אויפן פענצטערל האָבן צונויפגעשטעלט די ווערטער „*חנה סענעש*״. די אותיות זיינען פאַרשוואונדן,

און ביים פענצטערל האָט זיך באַוויזן דאָס פּנים פון אַ יונג יידיש מיידל מיט שוואַרצע קלוגע אויגן, וואָס האָבן שמייכ־לענדיק געקוקט אויף די נייגעריקע פּנימער פון די אַרעסטאַנטן.

באַלד האָבן שוין די יידישע און ניט־יידישע אַרעסטאַנטן געוווּסט, ווער חנה סענעש איז. דער יונגערמאַן, וואָס האָט דער ערשטער איבערגעלייענט איר נאָמען, האָט מיט אַ ציטער אין קול דערציילט, אַז חנה סענעש האָט זיך צוזאַמען מיט אים און אַן אַנדער גרופּע יידישע פּאַראַשוטיסטן פון ארץ ישראל אַראָפּגעלאָזט איבער יוגאָסלאַוויע, און מיט דער הילף פון די פּאַרטיזאַנען האָט זי זיך אַריינגעגנבעט קיין בודאַפּעסט, איר געבורטשטאָט, אַרויסצוראַטעווען פון די נאַצישע נעגל די אונ־גאַרישע יוגנט. ער האָט אויך דערציילט, אַז ווען די חברים פון ארץ ישראל זיינען אַריבער די אונגאַרישע גרענעץ, האָבן זיי זיך געשיידט און זיך אַוועקגעלאָזט אויף פאַרשיידענע וועגן: אויב אַ טייל וועט געכאַפּט ווערן פון די נאַצים, וועט אפשר די אַנדערע געלינגען צו טאָן דאָס, נאָך וואָס זיי זיינען געקו־מען.

דער חבר פון ארץ ישראל האָט לאַנג דערציילט וועגן דער מוטיקער און ליבער חנה סענעש. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער שטיל, ווי פאַר זיך, געזאָגט:

— און איך האָב געגלייבט, אַז זי וועט זיך אַרויסדרייען פון די נאַצישע הענט; כ׳האָב אין האַרצן געהאָפט, אַז זי וועט קאָנען אויספירן איר שליחות — און אָט איז זי אין דער זעל־ביקער טורמע, וואָס איך...

די אַרעסטאַנטן האָבן דעם גאַנצן טאָג גערעדט מיט חנה סענעש מיט דער הילף פון אירע פּאַפּירענע אותיות. זי האָט אַלעמען געגעבן מוט; זי האָט זיי דערציילט פון ארץ ישראל; זי האָט זיי געטרייסט, אַז אינגיכן וועט קומען דער סוף פון די נאַצים, אַז דאָס פאָלק ישראל וועט ווייטער לעבן און בויען זיך אַ היים אין ארץ ישראל.

יענעם טאָג זיינען שוין די אַרעסטאַנטן ניט געווען אַזוי דערשלאָגן. זיי האָבן זיך געפילט געשטאַרקט פון די „פּאַפּי־רענע" רייד פון דער יונגער יידישער טאָכטער. ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָט זיך איבער אַלע צעלן פון דער טורמע צעטראָגן דאָס מוטיקע ליד פון די ארץ־ישראל־פּיאָנערן:

**„ווער וועט בויען דעם גליל?**

**— מיר וועלן בויען דעם גליל!"**

## ב.

דאָס איז געווען חנה סענעשעס ערשטע נאַכט אין דער נאַצישער טורמע. מאָרגן אין דער פרי וועט זי זיך דאַרפן שטע־לן פאַרן געריכט. זי איז אָבער ניט געווען דערשלאָגן. ווען זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן פּאַראַשוט איבער יוגאָסלאַוויע, ווען זי איז אַריבער די אונגאַרישע גרענעץ, איז זי געווען גרייט אויף אַלץ...

יאָ, זי וואָלט אפשר אויף אַ קורצער צייט געקענט אויס־מיידן די נאַצים און ניט אַריינפאַלן צו זיי אין די הענט, אָבער זי האָט דאָך געמוזט זען איר מוטער אין בודאַפּעסט. צוליב דעם איז זי דאָך געקומען צוריק קיין אונגאַרן! צו ראַטעווען איר מוטער, אירע פריינד און די אַלע, וואָס דער טויט לויערט אויף זיי יעדער מינוט פון יעדן טאָג.

ווי ליב איז איר געוואָרן די ערד פון ארץ ישראל! ווי ליכטיק די זון האָט דאָרט פאַר איר געשיינט! אין דעם קיבוץ פון שדות־ים, וואו זי האָט געאַרבעט, האָבן אַלע זי ליב באַ־קומען, אַלע האָבן זי באַוואונדערט. אַזאַ צאַרט, יונג מיידל זאָל מיט אַזוי פיל ליבשאַפט, מיט אַזוי פיל פרייד טאָן די שווערס־טע אַרבעטן! יאָ, די איידעלע, געפּיעשטשעטע בת־יחידה האָט געוואָלט אָנהייבן פון די שווערסטע אַרבעטן. טאָג־איין, טאָג־אויס האָט זי געוואַשן די וועש פונעם קיבוץ. דער רוקן האָט איר געבראָכן, אירע הענט זיינען געשוואָלן געוואָרן, אָבער זי האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו זינגען די לידער פון קי־בוץ; קיינמאָל האָט זיך קיין שאָטן אויף איר פּנים ניט באַ־וויזן. ביז... ביז די שרעקלעכע נייס איז געקומען, אַז די נאַ־צים האַלטן ביים פאַרכאַפּן אונגאַרן!

חנה סענעש האָט גוט געוואוסט, וואָס עס דערוואַרט די יידן פון אונגאַרן:

— מען דאַרף ראַטעווען אונדזערע ברידער און שוועסטער, איידער ס'וועט צו שפּעט! — האָט זי מיט געוויין אין קול גערעדט ביי אַ חברים־פאַרזאַמלונג.

אירע רייד האָבן געווירקט. עס האָט זיך אין קיבוץ גע־פונען אַ גרופּע וואָלונטירן. חנה איז, פאַרשטייט זיך, געווען איינע פון זיי. די גרופּע האָט אויף מאָרגן געדאַרפט אַוועק זיך אָנשליסן אין דער פאַראַשוטיסטן־אָפּטיילונג פון ענגלישן מיליטער, כדי זיך צוצוגרייטן פאַר דער מיסיע פון פאַרטיזאַ־נען־קעמפערס.

די נאַכט פאַרן אָפּפאָרן פון קיבוץ האָט חנה סענעש ממש

געפיבערט פון אומרו און דערוואַרטונג. ביז שפּעט אין דער נאַכט איז זי געזעסן און געשריבן צו איר מוטער, צו איר ברודער און צו אירע פריינד, און זיי געגעבן האָפענונג, אַז אַלץ וועט זיין גוט.

ווען אין קיבוץ איז שוין אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס לעצטע ליכט, איז נאָך חנה געזעסן אין איר צימערל און געבלעטערט דעם העפט מיט אירע לידער. אַ פאַרטראַכטע האָט זי גענומען די פּען און אויפן לעצטן זייטל פון העפט האָט זי מיט גרויסע, שיינע אותיות אָנגעשריבן אַן אָפּשיידס-ליד, אַ נייהעברעיש ליד פון עטלעכע שורות:

**וואויל איז דעם שוועבעלע,**
**וואָס איז פאַרברענט געוואָרן און האָט אָנגעצונדן פלאַמען;**
**וואויל איז דעם פלאַם,**
**וואָס האָט געפלאַקערט אין די פאַרבאָרגענישן פון הערצער!**
**וואויל איז די הערצער,**
**וואָס האָבן הערליש אויפגעהערט צו קלאַפּן!...**
**וואויל איז דעם שוועבעלע,**
**וואָס איז פאַרברענט געוואָרן און האָט אָנגעצונדן פלאַמען...**

## ג.

— חנה סענעש!

דער פעטער דייטשישער קאָמאַנדיר, וואָס האָט ביים מיליטערישן געריכט אויסגערופן דעם נאָמען מיט אַ הייזעריקער שטים, האָט מיט בייזע אויגן דורכגענומען די יידישע טאָכטער, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים אַ בלאַסע, אָבער אַ געלאַסענע.

— חנה סענעש! — האָט ער ווידער געדונערט און נאָכאַמאָל באַטראַכט דאָס שטאָלצע יונגע מיידל אין דער בריטישער אָפיצירן-אוניפאָרם.

חנה איז געשטאַנען פאַר אים אַ שלאַנקע, מיט אַ געהויבענעם קאָפּ.

— חנה סענעש! — האָט דער קאָמאַנדיר געבליצט מיט זיינע רוצחישע אויגן. — ביסטו זיך מודה, אַז דו געהערסט צו אַ פּאַרטיזאַנען-גרופּע? ביסטו זיך מודה, אַז דו האָסט שפּיאָנירט פאַר אונדזער שונא? ביסטו זיך מודה, אַז דו האָסט אויף אונטערערדישע וועגן אַרויסגעשמוגלט יידישע פאַררעטערס פון דעם דייטשישן רייך?

— יאָ! — האָט חנה קורץ געענטפערט מיט אַ פעסטער שטים, און געקוקט דעם קאָמאַנדיר גלייך אין די אויגן אַריין.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אויפגעשטעלט:

—ווייסטו, וואָס פאַר אַ שטראָף עס קומט דיר פאַר אַזעל־כע פאַרברעכנס?

— איך ווייס, — האָט חנה אַ רואיקע געענטפערט, — איך ווייס, וואָס פאַר אַ שטראָף עס האָבן ביי אייך באַקומען מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן!

— יידישע חוצפה! — האָט דער קאָמאַנדיר פאַרקרימט דאָס פּנים מיט אַ העסלעכן שמייכל. — ביסטו גרייט, הייסט עס, צו שטאַרבן?! דאָס דייטשישע געריכט קאָן אָבער מילד זיין צו דיר!... דו דאַרפסט אונדז בלויז אַרויסגעבן די נעמען פון דיינע חברים־פּאַרטיזאַנען...

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט חנה ניט געקאָנט איינהאַלטן דעם שטראָם פון איר יוגנטלעכן געלעכטער. — כאַ־כאַ־כאַ! כ׳ווייס, אַז איר זייט די ערגסטע בעסטיעס, כ׳האָב אָבער ניט געוואוסט אַז איר זייט אַזעלכע אידיאָטן!

אַ פלאַמיקער פּאַטש האָט אָפּגעהילכט אין דעם פאַררייכערטן זאַל פון מיליטערישן געריכט. דער קאָמאַנדיר האָט מיט אַ ווילד קול געברעוועט:

— פירט אַרויס די פאַרשאָלטענע יידישקע!!

חנה האָט מיט איר טיכעלע אָפּגעווישט דאָס בלוט, וואָס האָט זיך באַוויזן ביים ווינקל פון איר מויל. אַ רואיקע האָט זי זיך געלאָזט אַרויספירן פון צוויי שטורעם־טרופּערס.

## ד.

— ווער ביסטו? — האָט דער טורמע־וועכטער געפרעגט ביי אַ מיטליאָריקער פרוי, וואָס איז פאַר דער צייט גרוי געוואָרן.

— איך בין אַ מוטער... חנה סענעשעס מוטער... געקומען זי זען...

— האָסטו אַ דערלויבעניש?

חנהס מוטער האָט מיט ציטערדיקע הענט צעעפנט אַ קליין פּאַפּירל. דער וועכטער האָט אַ קוק געטאָן אין פּאַפּירל און אויסגעברומט:

— קום! בלויז צען מינוט קענסטו זיין מיט איר!

ווען חנה האָט דערזען איר מוטער, האָט זי מיט אַלע כוחות צוריקגעהאַלטן די טרערן, וואָס האָבן זי געשטיקט אין האַלדז. די מוטער האָט מיט אירע שוואַכע הענט געדריקט צו זיך חנהן און אָן אויפהער איבערגעחזרט:

— מיין טעכטערל... מיין קינד... מיין אומגליקלעך קינד...
חנה האָט געקושט דער מוטערס פאַרגעלט פּנים און זי געטרייסט:

— מאַמעניו, זאָרג זיך ניט! אַלץ וועט נאָך זיין גוט! דו זעסט, איך לעב דאָך!

די מוטער האָט אויסגעווישט די אויגן און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— חנהלע, כ'האָב דיר געבראַכט, וואָס דו האָסט פאַרלאַנגט. כ'בין אויסגעגאַנגען די גאַנצע שטאָט, ביז איך האָב עס גע־קראָגן...

פון אונטערן שאַל האָט די מוטער אַפירגענומען אַ קליין, דיק ספרל.

— אַ תנ"כל... די ביבל! — האָט חנה געדריקט צום האַרצן דאָס קליינע ספרל. — אַ דאַנק! כ'וועל איצטער ניט זיין אַליין!
די טיר פון חנהס צעל האָט זיך געעפנט און דער וועכ־טער האָט אַ פאַרשלאָפענער געמורמלט:

— שוין אַריבער די צייט!

מאַמע און טאָכטער האָבן זיך שטום אַרומגענומען. ווען די טיר האָט זיך צוגעמאַכט, האָט חנה נאָכגעקוקט דורכן פענצ־טערל דער אַרויסגייענדיקער מאַמען, וואָס האָט ווי אַ שאָטן זיך באַוועגט איבערן טונקעלן קאָרידאָר. זי איז נאָך אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אַ פאַרגליווערטע ביים פענצטערל פון דער צעל. שווערע טריט אין קאָרידאָר האָבן זי אויפגעוועקט. ווען דער נאַצישער קאָמאַנדיר איז אַריין צו איר אין צעל, האָט זי זיך אַ רואיקע אַוועקגעזעצט אויפן בעטל.

— שטעל זיך אויף! — האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן.
חנה האָט זיך אויפגעשטעלט און געוואַרט.

— כ'בין געקומען דיר איבערגעבן דעם אורטייל פון מי־ליטערישן געריכט!

— כ'וויים, וואָס דער אורטייל איז, — האָט חנה שטיל געזאָגט.

— ביסט פאַראורטיילט צום טויט דורך שיסן! מען וועט דיך אַריבערפירן אין צעל נומער דרייצן, דאָרט וואו אַלע פאַר־אורטיילטע צום טויט ווערן געהאַלטן. מאָרגן אין דער פרי, 10 אַזייגער, וועט מען אויספירן דעם אורטייל.

חנה האָט איין אויגנבליק זיך אַ וואַקל געטאָן.

— דאָס געזעץ דערלויבט דיר צו בעטן, מען זאָל דיר פאַרלייכטערן די שטראָף... קענסט עס נאָך היינט טאָן!

— דאָס געזעץ דערלויבט מיר אויך אַן אַנדער משפּט. איך וויל אַפּעלירן צו אַ געריכט מיט אָרנטלעכע ריכטער...

— קענסט ניט אַפּעלירן צו קיין אַנדער געריכט! קענסט בלויז בעטן, מען זאָל דיר געבן אַ לייכטערע שטראָף... מען דערלויבט דיר צו מאַכן דיין לעצטן וואונטש...

חנה האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געפילט האָס אין האַרצן. צום ערשטן מאָל האָט זי גערעדט מיט אַזויפיל פאַראַכטונג:

— כ׳וועל ביי מערדערס קיין רחמנות ניט בעטן! כ׳וועל ביי רוצחים פון קליינע קינדער און אַלטע פרויען ניט זוכן קיין גערעכטיקייט!

— טאָ גרייט זיך צו, — האָט דער קאָמאַנדיר אַ גלייכגילטיקער געזאָגט, — מאָרגן אין דער פרי, צען אַזייגער.

## ה.

אין צעל נומער דרייצן האָט געברענט אַ קליין עלעקטריש לעמפּל. חנה איז געזעסן אויפן בעטל און אַ פאַרטראַכטע געבלעטערט דעם תנ״ך. זי האָט נישט מער ווי צען שעה צו לעבן, און זי דאַרף נאָך אַזוי פיל זאַכן טאָן, אַזוי פיל געדאַנקען איבערטראַכטן...

ווען זי האָט פאַרענדיקט דעם אָפּשייד-בריוו צו אירע חברים אין ארץ-ישראל, האָט זי זיך גענומען שרייבן אַ בריוו צו איר מוטער. אַ פּאָר הייסע טרערן זיינען אַראָפּגעפאַלן אויפן פּאַפּיר און פאַרפלעקט די לעצטע ווערטער:

„ליבע מאַמע, איך האָב ניט קיין מורא צו שטאַרבן... טרויער ניט נאָך מיר... כ׳האָב מיט פרייד געטאָן, וואָס איך האָב געמוזט טאָן... די חברים אין ארץ ישראל וועלן זיך זאָרגן פאַר דיר... דו וועסט פאַרנעמען מיין אָרט אין קיבוץ... וועסט זיין צוזאַמען מיט דיין איינציקן זון, מיט מיין איינציקן ברודער".

... שוין. ניטאָ מער וואָס צו טאָן. מען קאָן שוין מער גאָרניט טאָן. מען קען בלויז טראַכטן. חנה האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט. אין דער פינצטער איז לייכטער צו טראַכטן. חנה האָט געטראַכט פון איר יונגן לעבן, פון אירע קינדער-יאָרן. זי דערמאָנט זיך, ווי זי האָט אויסגעזען אין איר ווייסן קליידעלע, ווען זי איז צוועלף יאָר אַלט געוועזן... זי איז דעמאָלט אויך געשטאַנען פאַר ריכטער... עס איז פאָרגעקומען אַ קאָנקורס אין שול... די ריכטער האָבן געדאַרפט באַשליסן, ווער ס׳האָט אָנגעשריבן די בעסטע קאָמפּאָזיציע... זי האָט געקראָגן דעם ערשטן פרייז

פאַר אָנשרייבן דאָס שענסטע ליד... ווי גליקלעך איר מוטער איז דעמאָלט געווען! „אַ שאָד, וואָס דיין פאָטער לעבט ניט״. האָט די מוטער געזאָגט מיט טרערן אין די אויגן, „ער וואָלט געווען אַזוי שטאָלץ מיט דיר!״

חנה איז געווען אַזוי גליקלעך. זי האָט ליב געהאַט די גאַנצע וועלט און געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט האָט זי ליב. ווי נאַריש זי איז געווען!... די וועלט איז אַזוי שלעכט! חנה האָט זיך דערמאָנט, ווי מען האָט אין דער שיינער שטאָט בודאַפּעסט געבראָכן פענצטער אין יידישע הייזער און קראָמען. ניין, האָט חנה באַשלאָסן, עס טויג ניט. ניט גוט אַזוי... יידן מוזן האָבן אַן אייגן לאַנד... מען דאַרף בויען ארץ ישראל... מען דאַרף ראַטעווען דאָס פאָלק.. מען דאַרף...

חנה איז איינגעשלאָפן.

## ו.

צען אַזייגער אין דער פרי, דעם 7טן נאָוועמבער 1944. די 23 יאָריקע חנה שטייט אין הויף פון דער טורמע. זי שטייט מיטן רוקן צו אַ סלופּ, צו וועלכן אירע הענט זיינען צוגע־בונדן. זי זעט פאַר זיך אַ טיש. אויפן טיש אַ גרויסער צלם. אָט הערט זי אַ באַפעל. צוועלף סאָלדאַטן שטעלן פלינק אַן די ביקסן, אַן אָפיציר גייט צו איר צו. ער וויל איר פאַרבינדן די אויגן. חנה שאָקלט מיטן קאָפּ: ניין! זי וויל ניט, מען זאָל עס טאָן. זי קען קוקן דעם טויט אין די אויגן אריין.

זי הערט ווידער אַ באַפעל פון דער זעלביקער הייזערי־קער שטים. אַ שטאַרקער קנאַל פון ביקסן הילכט אָפּ אין דער לופט... חנה פאַלט צו דער ערד.

...ווען מען האָט אַראָפּגעצויגן פון איר די קליידער, האָט מען געפונען אין איינער פון די קעשענעם אַ פאַרקנייטשט שטיקל פאַפּיר. אויפן פאַפּיר איז געווען אָנגעשריבן איר לעצט העברעיש ליד:

שטאַרבן... יונג... שטאַרבן... ניין!
כ׳האָב דאָס ניט געוואָלט...
כ׳האָב ליב געהאַט די וואַרעמע זון,
דאָס ליכט, דעם פונק פון אַ פּאָר אויגן,
כ׳האָב ניט געוואָלט קיין צעשטערונג,
כ׳האָב ניט געוואָלט קיין מלחמה —
ניין, כ׳האָב דאָס ניט געוואָלט!

— — — — — — — — — — — —

אויפֿן בית־עולם פֿון בודאַפּעסט זיינען עטלעכע פֿרישע קב־רים אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקנדל. איבער אַט די קברים הענגט אַ שילד מיט רויטע אותיות: „דאָס מאַרטירער־ווינקל“. אויף איין קבר ליגט אַ פּשוטער שטיין און אויף אים זיינען אויס־געקריצט בלויז צוויי ווערטער:

„ח נ ה  ס ע נ ע ש“

# נאַצישע באָמבעס ברענגען אַ יידישן בריוו

די אַטאַקע פֿונעם שונא האָט זיך אָנגעהויבן אין מיטן העלן טאָג. איבער אַן אַמעריקאַנער טאַנק־אָפּטיילונג אין נאָרד־אַפֿרי־קע האָבן זיך באַוויזן נאַצי־באָמבערס און אַרויסגעלאָזט אַ האָגל שווערע באָמבעס אויף די טאַנקען. דער איבערפֿאַל איז געווען אַ פּלוצעמדיקער, אָבער די אַמעריקאַנער קאַנאָנען האָבן באַ־געגנט דעם שונאס עראָפּלאַנען מיט אַ באַראַזש פֿון פֿייער, ווי זיי וואָלטן געוואַרט אויף די נאַצים. אינגיכן האָבן זיך אין דער לופֿט באַוויזן שוואַרצע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געדרייט ווי שלאַנגען, און זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד... דאָס איז גע־ווען דער טויטנטאַנץ פֿון נאַצישע באָמבערס.

די באָמבאַרדירונג האָט געדויערט אַ האַלבע שעה צייט. אַלע מאָל האָט אויף אַן אַנדער אָרט פֿונעם שלאַכטפֿעלד אויפֿ־געריסן אַ באָמבע; דאָ און דאָרט זיינען אַמעריקאַנער טאַנקען צעשמעטערט געוואָרן. אַנטקעגן דער גליענדיקער זון האָבן זיך געריסן וואָלקנס רויך פֿון די ברענענדיקע טאַנקען.

ווען די אַטאַקע האָט זיך אָפּגעשטעלט און דאָס שיסעריי האָט אויפֿגעהערט, האָבן די סאַניטאַרן זיך אַ לאָז געטאָן אי־בערן שלאַכטפֿעלד צו ברענגען ערשטע הילף די פֿאַרוואונדע־טע. פּלוצעם האָט איינער פֿון די סאַניטאַרן אַ געשריי געטאָן: „זעט! זעט!“ מאַיאָר אַניעל און קאַפּיטאַל אַסטאָר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויפֿן פֿעלד אין דער ריכטונג, פֿונוואַנען די גע־שרייען זיינען געקומען. זיי האָבן דערזען עטלעכע ניט־אויפֿ־געריסענע באָמבעס; זייערע נעזער זיינען געווען איינגעגראָבן איך דער ערד, און זייער גלאַט פּאָלירטער מעטאַל האָט גע־גלאַנצט קעגן דער זון.

— נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. דאָס זיינען ניט קיין צייט־באָמבעס, — האָט מאַיאָר אַניעל זיך אָנגערופֿן.

— גערעכט, — האָט קאַפּיטאַן אַסטאָר צוגעגעבן, — זיי וועלן דאָך ניט וואַרפן קיין צייט־באָמבעס אויף לויפנדיקע טאַנקען.

די אַרומיקע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו באַטראַכטן די באָמבעס. אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן ספּעציעלע מעכאַניקער אויסגעגראָבן די באָמבעס און זיי אַוועקגעלייגט איינע לעבן די אַנדערע.

— עפנט זיי אויף! — האָט דער מאַיאָר באַפוילן.

די מעכאַניקער האָבן מיט געניטע הענט געשווינד אַראָפּגעדרייט דעם אייבערשטן טייל פון יעדער באָמבע. די מעכאַניקער האָבן זיך געווישט דעם שווייס פון די פאַרשמירטע און ערנסטע פּנימער.

— ליידיקט זיי אויס! — האָט דער מאַיאָר באַפוילן.

די מעכאַניקער האָבן זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. פּלוצעם האָבן אַלע ווי איין מענטש אויסגערופן:

— זאַמד! כאַ־כאַ־כאַ... זאַמד! — האָט דער מאַיאָר זיך צעלאַכט, — זיי האָבן שוין ניט קיין פּולווער, די פאַרדאַמטע נאַצים... כאַ־כאַ־כאַ... זאַמד!

אָבער באַלד איז זיין געלעכטער איבערגעריסן געוואָרן.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער מאַיאָר אָנגעוויזן אויף אַ צונויפגעלייגט בלעטל פּאַפּיר, וואָס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אַן אויסגעליידיקטער באָמבע און איז אַרויסגעפאַלן אויפן בערגל זאַמד.

דער מאַיאָר האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס בלעטל פּאַפּיר און עס צעעפנט. אַ פאַרוואונדערטער האָט ער געדרייט דאָס פאַרשריבענע פּאַפּיר אין אַלע זייטן און צום סוף געזאָגט:

— איך קען דאָס ניט לייענען: ס'איז געשריבן אויף אַ פרעמדער שפּראַך.

קאַפּיטאַן אַסטאָר האָט גענומען דאָס פּאַפּיר פונעם מאַיאָר און באַלד אויסגערופן:

— ס'איז יידיש! ס'איז אַ יידישער בריוו!

— לייענט, לייענט, קאַפּיטאַן אַסטאָר, לייענט עס איבער!

— האָט אומגעדולדיק דער מאַיאָר באַפוילן.

קאַפּיטאַן אַסטאָר האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און צענעמענדיק די הענט, האָט ער אַרויסגעמורמלט:

— איך קען נישט... איך קען נישט לייענען קיין יידיש... איך...

— איר זייט דאָך אַ ייד, קאַפּיטאַן אַסטאָר! — איז דער

מאיאר געוואָרן נאָך אומגעדולדיקער. — קענט איר עמעצן, וואָס לייענט יידיש?

— זיכער! — האָט קאַפּיטאַן אַסטאַר געענטפערט, און ווענדנדיק זיך צום סאַרדזשענט פּעלי, האָט ער באַפוילן:

— ברענגט אַהער קאָרפּאָראַל וויינבערג. ער קריגט יידישע בריוו פון ברוקלין.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז שוין קאָרפּאָראַל וויינבערג געשטאַנען פאַרן מאַיאָר. ער האָט געהאַט אַ לייכטע וואונד אין רעכטן אָרעם, וואָס איז געווען באַנדאַזשירט. ניט קענענדיק סאַלוטירן, האָט ער זיך אויסגעצויגן פאַרן מאַיאָר גלייך ווי אַ סטרונע. דער מאַיאָר האָט דעם פאַרוואונדעטן קאָרפּאָראַל סאַלוטירט, און דערלאַנגענדיק אים דאָס פאַרשריבענע פּאַפּיר, האָט ער געזאָגט:

— קאָרפּאָראַל, זייט אַזוי גוט און לייענט איבער די יידישע שריפט.

דער קאָרפּאָראַל האָט אַ פאַרוואונדערטער גענומען דעם בריוו מיט זיין לינקער האַנט, און באַטראַכטנדיק אַ ווײַלע די שריפט, האָט ער אָנגעהויבן צו לייענען מיט די אויגן און איבערגעזעצט גלייך אויף ענגליש.

די אַרומיקע האָבן זיך נעענטער צוגערוקט און מיט ערנסטע פּנימער און מיט נייגעריקייט זיך צוגעהערט צום יידישן קאָרפּאָראַל:

„טייערע פריינד!

דאָס שרייבט צו אייך אַ ייד, וואָס איז אַ שקלאַף אין אַ נאַצישער אַמוניציע-פאַבריק. מיין אַרבעט באַשטייט אין אָנפילן באָמבעס מיט אויפריים-שטאָף. איך ווייס, אַז אָט די באָמבעס וועלן ערגעץ פאַלן אויף די פריינד פון מיין פאָלק און אויף די, וואָס קעמפן פאַר אַ פרייער וועלט. איך, און הונדערטער אַנדערע שקלאַפן ווי איך, ווייסן, אַז דאָס איינציקע, וואָס איז אונדז געבליבן צו טאָן, איז איינצושטעלן דאָס לעבן פאַר אונדזער אַלעמענס פרייהייט. געפינען מיר שוין דערפאַר מיטלען ווי אַזוי כאָטש אַ טייל פון די באָמבעס אָנצופילן מיט זאַמד אַנשטאָט מיט טויט. מיר ווייסן ניט, אויף וועלכן שלאַכטפעלד די באָמבעס וועלן פאַלן; מיר ווייסן אָבער, אַז אַנשטאָט צעשטערונג און טויט וועלן זיי אייך ברענגען מוט און האָפענונג אויף אַ שנעלן זיג.

מיר וועלן שוין פונדאַנען קיין לעבעדיקע נישט אַרויס. מיר וועלן מיט אונדזערע אויגן שוין נישט זען דאָס ליכט פון

דער באפרייטער וועלט. מיר ווילן אבער, איר זאלט געדענקען, אז טויזנטער יונגע לעבנס קענען נאך געראטעוועט ווערן. אונדזערע קינדער זיינען פארבליבן אין די געטאס — די גרעסטע צאל אין און ארום דעם ווארשעווער געטא. הונדערטער פון זיי וואנדערן ארום אין טויטשרעק אין די וועלדער וואס ארום די שטעט.

בעטן מיר אייך דערפאר, אין נאמען פון אלע געפייניקטע שקלאפן, אז איר זאלט ראטעווען אונדזערע קינדער. פליט איבער די וועלדער הינטער ווארשע און ווארפט דארט אראפ פעקלעך עסן און קליידער. די הונגעריקע קינדער וועלן זיי שוין געפינען. אויב אונדז איז באשערט צו שטארבן, זאלן כאטש אונדזערע קינדער דערלעבן צו זען די נקמה אין אונדזערע שונאים. ראטעוועט זיי פארן ליכטיקן מארגן.

די אמוניציע־פאבריק, אין וועלכער מיר, שקלאפן, ארבעטן, געפינט זיך אין א געדיכטן וואלד. מיר זיינען ניט זיכער, וואו דאס איז, נאר מיר דאכט זיך, אז עס איז ניט ווייט פון מינכן... איך בין ניט זיכער. קומט מיט אייערע עראפלאנען און רייסט אויף די נאצי־פאבריקן... אונדז ארט ניט, וואס מיר וועלן אויך אומקומען... קומט גיכער, ווארפט א סך באמבעס און גרויסע...

א ייד״

קארפאראל וויינבערג האט געלייענט מיט א ציטערדיקער שטים און געשלונגען די טרערן. דער מאיאר איז געשטאנען ווי פארשטיינערט, מיט געשלאסענע ליפן. קאפיטאן אסטאר האט געביילט די פויסטן און זיין פנים איז געווען ווייס ווי קאלך. די אנדערע האבן געשוויגן מיט אראפגעלאזטע קעפ.

מאיאר אניעל האט איבערגעריסן די שטילקייט, זיך ווענדנדיק צו קאפיטאן אסטאר:

— איז דער פעלד־טעלעפאן אין ארדענונג? פארבינדט מיך מיטן גענעראל־שטאב!

אין פופצן מינוט ארום האט מען אין גענעראל־שטאב שוין געוואוסט וועגן דעם זאמד אין די באמבעס און וועגן דעם יידישן בריוו.

א שעה שפעטער האט מען אויך אין לאנדאן געוואוסט פון דער געשעעניש.

* * *

דאס איז געווען א פאר טעג פאר פסח, און אין דער ערשטער נאכט פון יידישן פרייהייטס־יום־טוב האבן זיך פון א

לופטפעלד ערגעץ אין ענגלאַנד אויפגעהויבן עטלעכע אַנגעלאָ־
דענע עראָפּלאַנען איבער דעם ענגלישן קאַנאַל און געפלויגן אין
דער ריכטונג פון דער שטאָט וואַרשע. אַנשטאָט באָמבעס האָ־
בן דאָס מאָל די עראָפּלאַנען געטראָגן האָפענונג און טרייסט
צו די אומגליקלעכע, פאַרוואָרלאָזטע קינדער. און שפּעטער אַ
ביסל האָט זיך פון אַנדער לופטבאַזע אין ענגלאַנד אַרויס־
לאָזט אַ גאַנצער עסקאַדראָן פון שווערע ווייט־פליענדיקע באָמ־
בערס אין דער ריכטונג צו מינכן.

די וואַרעמע פרילינג־זון האָט באַלעבט דעם געדיכטן וואַלד
וואָס הינטער וואַרשע. שוין וואָכן לאַנג ווי גרופּעס פאַריתומ־
טע יידישע קינדער האָבן געמאַכט דעם געדיכטן וואַלד פאַר
זייער היים: דאָס איז געווען דער איינציקער אופן ווי זיי האָבן
זיך געקענט ראַטעווען פון די נאַצישע חיות. האַלב־נאַקעטע,
מיט אויסגעדאַרטע גלידער און מיט פיבערדיקע, צעשראָקענע
אויגן, האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד און דאָרט אַרומ־
געבלאָנדזשעט גרופּעסווייז ווי הונגעריקע חיהלעך. פון צייט
צו צייט האָבן די מער געוואַגטע צווישן זיי זיך אַריינגעגנבעט
אין די דערבייאיקע חרובע דערפער און געבעטלט אַ קאַרטאָפל
אָדער אַ ביסן דאַר ברויט ביי די אָרעמע פּויערים און זיך שפּע־
טער געטיילט מיט די אַנדערע קינדער.

דעם ערשטן טאָג פּסח האָבן די קינדער נישט געדאַרפט
בעטלען אין די דערפער. זיי האָבן געהאַט מיט וואָס זיך צו
פרייען אין דעם וואַלד. עס איז געשען אַ נס. גאַנץ פרי, ווען
די קינדער זיינען נאָך געלעגן אין זייערע גריבער און געטור־
ליעט זיך איינס צום אַנדערן מיט זייערע פיבערדיקע גופימלעך,
האָבן זיי פּלוצעם, ווי אין חלום, דערהערט אַ געשריי:

— עסן! עסן!

דאָס וואָרט „עסן" האָט ווי מיט אַ האַמער אַ קלאַפּ געטאָן
אין די שלעפעריקע מוחות פון די קינדער, און צעטומלטע האָבן
זיי זיך אויפגעכאַפּט.

דאָס פריערדיקע געשריי האָט זיך איבערגעחזרט:

— עסן! כשר לפּסח! שטייט אויף, קינדער ,שטייט אויף!

האָבן זיך אַלע קינדער אַ ריס געטאָן פון זייערע לעכער
און גענומען לויפן אין דער ריכטונג, פונוואַנען דאָס געשריי
איז געקומען.

ווען די קינדער זיינען צוגעקומען צום ליידיקן אָרט, וואָס
אין מיטן וואַלד, דאָרט וואו מען האָט אויסגעהאַקט הונדער־
טער ביימער, האָבן זיי דערזען — עטלעכע גרויסע פּעקלעך

זיינען געלעגן צעוואָרפן אויפן גראָז, און בערל, דער עלטסטער פון די יינגלעך, איז געשפרונגען פון איין פעקל צום צווייטן און מיט ווילדע קולות געשריען: „עסן!"

די קינדער זיינען געשטאַנען ווי געפּלעפטע. אָבער באַלד האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צו די פעקלעך. אויף יעדן פעקל איז געווען אָנגעקלעפּט אַ צעטל מיט גרויסע אותיות: **כשר לפסח.** ווי הונגעריקע וועלף זיינען די קינדער פון אַלע זייטן באַפאַלן די פעקלעך. מיטן גאַנצן כוח, וואָס איז נאָר געווען אין זייערע אויסגעדאַרטע הענטלעך, האָבן זיי אויפגעריסן די פעקלעך, און אַ פריידגעשריי האָט אָפּגעהילכט אין דער פרי־מאָרגנדיקער שטילקייט פון וואַלד:

— **מצות! מצות! מצות!**

מיט ציטערדיקע הענט האָבן די קינדער געכאַפּט צו עט־לעכע שטיקער מצה, און ווי געשלאָגענע, דערשראָקענע הינ־טעלעך האָט זיך יעדערער פון זיי פאַררוקט אין אַן אַנדער ווינקל און געשלונגען גאַנצע שטיקער. אין דער אָרומיקער שטילקייט האָט מען בלויז געהערט דאָס קנאַקן פון דער טרו־קענער מצה.

אַז דער ערשטער הונגער איז געשטילט געוואָרן, האָבן די קינדער ווידער אַרומגערינגלט די פעקלעך און זיי באַטראַכט מיט שיינענדיקע אויגן. ערשט איצט האָבן זיי דערזען, אַז אין יעדן פעקל זיינען געלעגן פאַרשריבענע בלעטלעך אויף פויליש און אויף יידיש. גרויסע ווערטער האָבן אַראָפּגעשיינט:

**„יידישע קינדער, מיר האָבן אייך ניט פאַרגעסן, מיר'ן אייך העלפן. מיר'ן ווידער קומען".**

אַ קליין יינגעלע האָט אַ פרעג געטאָן:

— קינדער, ווער האָט געבראַכט די פעקלעך?

אַ קווייטשיק קעלכל פון דעם קלענסטן יתומל האָט מיט זיכערקייט באַלד אָפּגעענטפערט:

— דו נאַר, וואָס ווייסטו נישט? דאָס איז געווען אליהו הנביא!

עטלעכע עלטערע קינדער האָבן זיך שמייכלענדיק איבער־געקוקט, און איינער פון זיי האָט געזאָגט:

— אוודאי איז דאָס געווען אליהו הנביא...

# די יידישע ביקס

סאַרדזשענט נאָרמאַן מייערס, אַ יידישער בחור, וואָס האָט וואָלונטירט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, האָט זיך זייער גע־פרייט מיט די בריוו, וואָס ער פלעגט קריגן פון זיינע עלטערן. ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך די היימישע און ער איז גע־ווען זייער צופרידן, וואָס ער האָט געקענט לייענען זייערע יידישע בריוו. ער איז געגאַנגען אַמאָל אין אַ יידישער שול, אָבער ער האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין פאַרגעסן, וואָס ער האָט געלערנט. ערשט אין דער אַרמיי האָט ער געזען, אַז ער געדענקט יידיש און — ווי גוט דאָס איז.

אין דער פרייער צייט פלעגט ער אויפזוכן זיינע יידישע חברים אין דער אַרמיי און לייענען פאַר זיי די בריוו פון דער היים. גאָר צופרידן איז ער געווען, ווען אויך זיין ברודער האָט אים אין איין בריוו צוגעשריבן עטלעכע יידישע ווער־טער אין זיין ענגלישן בריוו. מיט אַ קלאָרער, שיינער האַנט־שריפט האָט זיין ברודערל ביים סוף פון בריוו אָנגעשריבן: „זיי מוטיק. פאַר פרייהייט דאַרף מען קעמפן". אָט די לעצטע עטלעכע ווערטער פון זיין צעניאָריקן ברודערל האָט ער ניט געקענט פאַרגעסן. טרערן פון פרייד און שטאָלץ האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן יעדעס מאָל, וואָס ער האָט זיך דערמאָנט אין די ווערטער. פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, פלעגט ער אָפט איבערחזרן אין דער שטיל: „פאַר פרייהייט דאַרף מען קעמפן"... „פאַר פרייהייט דאַרף מען קעמפן".

עטלעכע חדשים זיינען אַריבער. סאַרדזשענט מייערס האָט געוואוסט, אַז אינגיכן וועט מען אים שיקן צום פראָנט. ער האָט שוין געוואָלט, אַז דאָס זאָל געשען, כאָטש ער האָט געוואוסט וויפל טרערן זיין מאַמע וועט פאַרגיסן... ער האָט בלויז גע־האָפט, אַז מע וועט אים שיקן קיין אייראָפּע, וואו ער וועט זיך קענען אָפּרעכענען מיט די נאַציס...

די שעה איז געקומען. אין אַ פינצטערער נאַכט איז ער אינאיינעם מיט הונדערטער אַנדערע סאָלדאַטן אַרויף אויף שי־פן, גרייט אין וועג אַריין. ער האָט באַלד אויסגעפונען, אַז ער מיט זיין אָפּטיילונג געפינען זיך ניט אויף קיין טרופּ־שיף, נאָר אויף אַ פראַכט־שיף, אַזאַ וואָס פירט אַמוניציע צום פראָנט. ער מיט זיינע חברים האָבן געדאַרפט פאַרטיידיקן די שיף פון שונאס אָנפאַל אויפן ים.

אַלע זיינען אַרומגעגאַנגען מיט ערנסטע פנימער, און ווען

די שיף האָט זיך גערירט פון אָרט און איז אַרויס אויפן פרייען ים, האָבן אַלע אָנגעהויבן צו זינגען אַ ליד פון קאַמף און מוט.

ערשט אויפן דריטן טאָג האָט מען זיי אויסגעזאָגט, אַז זיי פאָרן צום פראָנט און אַז זיי וועלן זיך אָפּשטעלן אין ענגלאַנד. די טעג אויפן ים זיינען געווען לאַנגע און פול מיט דערוואַרטונג. קיין פיינטלעכע עראָפּלאַנען האָט מען ניט געזען. מע האָט בלויז געהערט דאָס רוישן פון די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין דער קרעכצנדיקער שיף. אַלע האָבן זיך אַרומגעדרייט ערנסטע און שווייגנדיקע.

סאַרדזשענט מייערס איז געשטאַנען אויף דער וואַך אין אַ ווינקל פון דער שיף, דאָרט וואו ס׳זיינען געלעגן הונדערטער מאַשין־ביקסן. ער האָט געטראַכט פון זיינע עלטערן, וואָס ווייסן נאָך אפילו ניט, אַז מע האָט אים אַוועקגעשיקט... אַ גרויסע בענקשאַפט האָט אים אַרומגעכאַפּט, און ווי יעדעס מאָל ווען ער האָט געבענקט נאָך דער היים, האָט ער אויך איצטער אַרויסגעשלעפּט פון בוזעם־קעשענע אַ בינטל היימישע בריוו און זיי ווידעראַמאָל איבערגעלייענט. נאָרמאַנס אויגן זיינען פייכט געוואָרן, ווען ער האָט געעפנט זיין ברודערלס בריוו. מיט אַ ציטערדיקער שטים האָט ער נאָכאַמאָל שטילערהייט איבערגעחזרט: „פאַר פרייהייט דאַרף מען קעמפן”. ווען ער האָט די בריוו צוריק אַריינגעלייגט אין קעשענע, איז אים עפּעס איינגעפאַלן. ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צום אָרט, וואו ס׳זיינען געלעגן די איבערגעדעקטע מאַשין־ביקסן. ער האָט אַרויסגעשלעפּט איין ביקס און מיט זיין קליין שאַרף מעסערל האָט ער אויסגעקריצט אויפן הילצערנעם הענטל פינף יידישע ווערטער: „פאַר פרייהייט דאַרף מען קעמפן”. ער האָט עס געטאָן פאַמעלעך און פאָרזיכטיק. ער האָט ניט געוואוסט, פאַרוואָס ער האָט עס געטאָן. אָבער ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, איז אים פּלוצעם אַזוי גוט געוואָרן אויפן האַרצן, און זינגענדיק שטיל פאַר זיך, האָט ער אַ דערמוטיקטער און געשטאַרקטער געשפּאַנט הין און צוריק אויף זיין פּאָסטן.

גאַנצע דריי וואָכן האָט די שיף זיך געוויגט אויפן שטורעמדיקן ים. ווען מע איז אָנגעקומען בשלום צו אַ פּאָרט אין ענגלאַנד, האָט מען באַלד אָנגעהויבן אויסלאָדן די שיפן. די אַרבעט האָט געברענט אונטער די הענט. ווען אַלע מאַשין־ביקסן זיינען פאַרשוואונדן פון דער שיף, האָט סאַרדזשענט מייערס זיך פּלוצעם דערמאָנט אין דער מאַשין־ביקס, אויף וועלכער ער האָט אויסגעקריצט די יידישע אויפשריפט. ער

האט נאכגעקוקט די טראקס, וואס האבן אוועקגעפירט די מא־שין־ביקסן. און בלייבנדיק שטיין אויפן באדן פונעם פרעמדן לאנד, האט ער בלויז געטראכט פון איין זאך — פון דער „יידי־שער" ביקס... יא, א יידישע ביקס... א ביקס, וואס דארף אוים־קעמפן פרייהייט... פאר אלע אונטערדריקטע.. פאר די געפיי־ניקטע יידן... און גייענדיק אויפזוכן זיין אפטיילונג, האט ער אויפן וועג גערעדט צו זיך אליין: וואס וועט ווערן פון דער ביקס? וואוהין וועט זי אנקומען? וועט דער ,וואס וועט זי קריגן, קענען איבערלייענען די אויפשריפט? וועט ער וויסן, פארוואס ער קעמפט?...

עס זיינען ווידער אריבער עטלעכע חדשים. סארדזשענט מייערס איז שוין א פאר וואכן געווען אויפן פראנט אין נארד־אפריקע. א סך פון זיינע חברים זיינען געפאלן אין די שלאכטן מיט די נאצים. אין די שרעקלעכע טעג און נעכט פון ביטערע קאמפן, ווען באמבעס האבן אויפגעריסן די ערד און קוילן זיי־נען געפלויגן איבער די קעפ, האט סארדזשענט מייערס זיך אפט דערמאנט אין דער יידישער אויפשריפט אויף דער ביקס. דעמאלט פלעגט ער פארגעסן אין יעדער געפאר, און בלויז איין געדאנק האט געוואכט אין זיין מוח: מע דארף קעמפן... קעמפן... קעמפן...

וואכן האבן זיך געצויגן לאנגע און שווערע. דאן זיינען געקומען די פריילעכע טעג, די טעג פון גרויסע טריומפן אין טונים, אין סיציליע. סארדזשענט מייערס איז געווען צווישן די ערשטע אמעריקאנער, וואס האבן געלאנדט אין איטאליע. די שלאכט ביי סאלערנא איז געווען די בלוטיקסטע. הונדערטער זיינען געפאלן, טויזנטער זיינען פארוואונדעט געווארן. דאס שלאכטפעלד איז געווען אן אמתער גיהנום. דער שונא האט ניט געלאזט רוען קיין מינוט. מע האט אבער דעם קאמף ניט אויפגעגעבן. דער באפעל פון אמעריקאנער קאמאנדיר איז גע־ווען: „ניט אפטרעטן. ביזן לעצטן מאן". דער באפעל איז ניט נייטיק געווען: קיינער האט ניט געטראכט פון צוריקטרעטן.

סוף־כל־סוף האט דער שונא געמוזט אפטרעטן... די אמע־ריקאנער האבן גענומען א סך געפאנגענע און פארכאפט אמו־ניציע. סארדזשענט מייערס מיט זיין גרופע האבן ארומגערינגלט א פופציק דייטשן, וועלכע האבן שנעל אויפגעהויבן די הענט. דער דייטשישער עלטסטער האט געפאכעט מיט א ווייסן טוך. זיי האבן זיך אונטערגעגעבן. סארדזשענט מייערס האט בא־פוילן די דייטשן, זיי זאלן זיך אויסשטעלן אין א שורה מיט

אויפגעהויבענע הענט. נאָכדעם ווי די אַמעריקאַנער האָבן זיי באַזוכט, האָבן זיי אַרומגערינגלט די דייטשן מיט אָנגעשפּיצטע באַיאָנעטן. סאַרדזשענט מייערס האָט זיך געלאָזט באַטראַכטן דעם שׂונאס מאַשין־ביקסן, וואָס זיינען געלעגן צעשפּרייט אויפן פעלד. אַ דערשטוינטער האָט ער באַמערקט, ווי עטלעכע מאַשין־ביקסן זיינען אַמעריקאַנער... פּלוצעם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן איין מאַשין־ביקס און זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין איר. ער האָט זיך קוים געקענט גלייבן, אַז דאָס וואָס ער זעט, איז ניט קיין חלום... זיך ווענדנדיק צו די געפאַנגענע, האָט ער, אָנווייזנדיק אויף דער מאַשין־ביקס, אויסגערופן:

— ווערמען געהערט אָט די ביקס?

אַ דייטשישער קאָרפּאָראַל האָט זיך אָנגערופן:

— דאָס איז מיין ביקס, סאַרדזשענט.

סאַרדזשענט מייערס האָט אויפגעהויבן די מאַשין־ביקס, און נעמענדיק זי אויף די הענט, ווי מע טראָגט אַ קליין קינד, איז ער צוגעגאַנגען צו די געפאַנגענע און האָט שטיל אָבער דייטלעך איבערגעלייענט אַ באַקאַנטע אויפשריפט: „פאַר פרייהייט דאַרף מען קעמפן"... סיי די אַמעריקאַנער, סיי די דייטשן האָבן פאַרוואונדערטע באַטראַכט די ביקס מיט דער אויפשריפט. סאַרדזשענט מייערס האָט געביילט די פויסטן און זיך געשטיקט מיט טרערן. ער האָט זיך אָבער באַלד באַהערשט און שטרענג געפרעגט דעם געפאַנגענעם קאָרפּאָראַל:

— ווען און וואו האָסטו באַקומען אָט די ביקס?

דער קאָרפּאָראַל האָט זיך אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע און געענטפערט:

— מיט צוויי חדשים צוריק, סאַרדזשענט. אין וואַרשע...

סאַרדזשענט מייערס פּנים האָט איין אויגנבליק אויפגעשיינט און באַלד זיך ווידער פאַרוואָלקנט:

— קומט מיט אונדז! — האָט ער באַפוילן.

די געפאַנגענע זיינען נאָכגעגאַנגען סאַרדזשענט מייערס, וואָס האָט אויפן אַקסל געטראָגן די ביקס מיט דער יידישער אויפשריפט.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען צום לאַגער, וואו ס'האָבן זיך געפונען הונדערטער אַנדערע געפאַנגענע, האָט סאַרדזשענט מייערס דערציילט זיין קאַפּיטאַן וועגן די אַמעריקאַנער מאַשין־ביקסן, וואָס זיי האָבן געפונען ביי די דייטשן. ער האָט

אים אויך געוויזן די אַמעריקאַנער ביקס מיט דער יידישער אויפשריפט...

דער קאַפּיטאַן האָט אַ דערשטוינטער געקוקט אויף דער אויפשריפט, און סאַרדזשענט מייערס האָט אים דערקלערט, וואָס די יידישע ווערטער מיינען.

— פאַרוואָס, סאַרדזשענט, ביסטו אַזוי פאַראינטערעסירט אין דער אויפשריפט? — האָט דער קאַפּיטאַן אַ פרעג געטאָן.

— דאָס האָב איך זי אויפגעשריבן, הער קאַפּיטאַן, — האָט דער יידישער סאַרדזשענט געענטפערט מיט שטאָלץ.

— וואָס? — האָט זיך דער קאַפּיטאַן געוואונדערט. — דיין אויפשריפט? ווי קען דאָס זיין?

סאַרדזשענט מייערס האָט אין קורצע ווערטער איבערגעגעבן, ווי ער האָט אויסגעקריצט די אויפשריפט, ווען ער איז געפאָרן אויף דער שיף קיין ענגלאַנד. ער האָט אַרויסגענומען זיין ברודערלס בריוו, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטן ביי זיך, און געוויזן דעם קאַפּיטאַן. דער קאַפּיטאַן האָט פאַרגאַפט געקוקט אויף די עטלעכע יידישע ווערטער אין בריוו און אויף דער אויפשריפט וואָס אויף דער ביקס.

— דאָס איז אינטערעסאַנט, — האָט דער קאַפּיטאַן אויסגערופן, — ווי זשע קומט די ביקס צו די דייטשן? — האָט ער זיך געוואונדערט.

— דאָס דאַרף מען אויסגעפינען, הער קאַפּיטאַן.

— גערעכט, סאַרדזשענט. ברענג אַהער דעם דייטשישן קאָרפּאָראַל. מיר'ן אפשר קענען אַרויסקריגן וויכטיקע אינפאָרמאַציעס.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער געפאַנגענער קאָרפּאָראַל געשטאַנען אין דער קוואַרטיר פונעם קאַפּיטאַל. סאַרדזשענט מייערס, וועלכער האָט פאַרשטאַנען דייטש, איז געווען דער איבערזעצער. דער קאַפּיטאַן האָט זיך באַלד געווענדט צום דייטש:

— פון וואַנען האָט איר געקראָגן די אַמעריקאַנער ביקסן?

—כ'האָב שוין פריער געזאָגט, — האָט דער מידער דייטש געענטפערט שטיל, — מיר האָבן די ביקסן פאַרכאַפּט אין פוילן..

— אין פוילן? — האָט זיך דער קאַפּיטאַן געוואונדערט. — ווי קומען אַמעריקאַנער ביקסן קיין פוילן?

— דאָס דאַרפט איר בעסער וויסן... — האָט דער קאָר־

פּאַראַל געענטפערט מיט אַ שמייכל, — מיר האָבן זיי געפּו־נען ביי די יידן אין וואַרשע, אין דעם געטאָ.

— ה... מ... — האָט דער קאַפּיטאַן זיך אויסגעהוסט. — אין דעם יידישן געטאָ... — און אַנווייזנדיק אויף דער ביקס מיט דער יידישער אויפשריפט, האָט ער ווייטער געפרעגט:

— אָט די ביקס, זאָגסטו, איז דיינע. ווייסטו, וואָס די אויפשריפט מיינט? ווי קען אַ דייטש שיסן מיט אַ יידישער ביקס? — האָט דער קאַפּיטאַן געשמייכלט.

— איך האָב געוואָלט נקמה נעמען פון די יידן און פון זייערע פריינד...

— כאַ־כאַ־כאַ... נקמה נעמען פון די יידן?... — האָט דער קאַפּיטאַן ביטער געלאַכט. — האָט איר נאָך ווייניק נקמה גע־נומען פון זיי? האָט איר ווייניק יידיש בלוט פאַרגאָסן?

דער דייטש האָט פאַרביסן די ליפּן און אַ פייערל האָט זיך אָנגעצונדן אין זיינע אויגן:

— יאָ, מיר דאַרפן נקמה נעמען פון די יידישע מערדער פאַרן דייטשישן בלוט...

— פאַרן דייטשישן בלוט, וואָס יידן האָבן פאַרגאָסן? וואָס רעדסטו, קאַרפּאַראַל?

— יאָ, — האָט דער יונגער דייטש געקריצט מיט די ציין, — זיי האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד אין דעם געטאָ. אַ יידי־שן אויפשטאַנד מיט אַמעריקאַנער געווער. זיי האָבן געשאָסן אויף אונדזער אַרמיי. זיי האָבן וואָכן־לאַנג געקעמפט מיט אונדז... מיינע קאַמעראַדן זיינען געפאַלן... אַוועקגעגעבן זייע־רע לעבנס אין דעם שמוציקן געטאָ...

סאַרדזשענט מייערס איז בלייך געוואָרן און מיט געבייל־טע פויסטן האָט ער זיך געלאָזט צום דייטשן. דער קאַפּיטאַן האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן סאַרדזשענטס אַקסל און געזאָגט:

— באַרואיק זיך, סאַרדזשענט. לאָמיר ווייטער אויסהערן דעם געפאַנגענעם. — און זיך ווענדנדיק צום סאַרדזשענט, האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט:

— אַזוי? די יידן האָבן נקמה גענומען פון די העלדישע אַריער?...

— זיי האָבן טייער באַצאָלט פאַר זייער העלדישקייט. מיר האָבן זיי אויסגעראָטן ווי די מייז... אַזאַ חוצפה פון יידישע... פון יידן... אפילו ווען זיי האָבן שוין ניט געהאַט קיין געווער, האָבן זיי זיך קעגנגעשטעלט. אָבער זיי האָבן טייער באַצאָלט...

— מיר גלייבן דיר דאָס... — האָט דער קאַפּיטאַן איבער־ געריסן. — זייַנען איַיך, הייסט עס, די אַמעריקאַנער ביקסן צוניץ געקומען?...

— ס'איז קיין אונטערשייד ניט, מיט וועלכער ביקס מען הרגעט, — האָט דער דייטש זיך באַרימט. — אונדזערע אַמו־ ניציע־פאַבריקן ווערן צעשטערט... אָבער וואַרט, מיינע קאַמע־ ראַדן וועלן נקמה נעמען, מיר וועלן...

— דאָס וועלן מיר נאָך זען, — האָט סאַרדזשענט מייערס מיט כעס אויסגערופן. — איר וועט באַצאָלן פאַר יעדן טראָפּן בלוט, וואָס איר האָט פאַרגאָסן... איר וועט באַצאָלן פאַר די העלדן אין דעם געטאָ... איר וועט באַצאָלן פאַר די דערשטיק־ טע מוטערס, פאַר די אומשולדיקע טרערן פון קינדער...

די ווערטער פונעם יידישן סאַרדזשענט זייַנען געפאַלן ווי בלייַ אויפן קאָפּ פונעם דייטשן. זיין פּנים האָט זיך פּלוצעם געביטן, און אַ מידער און דערשלאָגענער האָט ער אַרויסגע־ מורמלט:

— לאָזט מיך גיין: כ'האָב מער ניט וואָס צו זאָגן...

ווען מען האָט אַרויסגעפירט דעם דייטש, האָט סאַרדזשענט מייערס זיך געווענדט צום קאַפּיטאַן:

— איך וויל אייַך עפּעס בעטן, הער קאַפּיטאַן.

— וואָס איז עס, סאַרדזשענט?

— איך וויל, — האָט דער סאַרדזשענט שטיל געזאָגט, אָנ־ ווייַזנדיק אויף דער מאַשין־ביקס, — איך וויל פון היינט אָן שיסן מיט אָט דער ביקס... איר פאַרשטייט, הער קאַפּיטאַן, איך...

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, סאַרדזשענט מייערס. נעם די ביקס און איך ווינטש דיר גליק...

— אַ דאַנק, הער קאַפּיטאַן, — האָט זיך דער סאַרדזשענט דערפרייט, — אַ דאַנק... — און אויפהייבנדיק די ביקס, האָט ער מיט באַגייסטערונג גערעדט:

— דאָס איז אַ וואונדערלעכע ביקס... אַ הייליקע ביקס... פרייע מענטשן האָבן זי געמאַכט, און העלדן זייַנען געפאַלן מיט איר אין די הענט... דאַרפן מיר פאַרזעצן דעם קאַמף... דעם הייליקן קאַמף פאַר פרייהייט... פאַר פרייהייט דאַרף מען קעמפן.

# דאָס מנורהלע

## א.

זינט איר אָנקל איז אַוועק אין דער אַרמיי, באַלד נאָך „פּוירל-האַרבאָר“, *) און זי האָט אָפּט געטראָפן איר מוטער מיט פאַרווייגטע אויגן, איז די צעניאָריקע מלכהלע געוואָרן אַן אמתע פּאַטריאָטין. נישט נאָר האָט זי זיך אויסגעצייכנט ביים זאַמלען בראָכוואַרג און פאַרקויפן מלחמה-מאַרקעס, זי האָט אויך באַשלאָסן צו שרייבן אָפטע בריוו צו סאָלדאַטן אין דער אַרמיי...

צוזאַמען מיט עטלעכע יידישע חברטעס האָט מלכהלע גע־מאַכט אַ „קלוב פון בריוו-שרייבערס“... זיי האָבן באַשלאָסן צו שרייבן כאָטש איין מאָל אַ וואָך, נישט נאָר צו אייגענע, נאָר אויך צו פרעמדע סאָלדאַטן. אין איר פּאַטערס אַ זשור־נאַל, וואָס ער קריגט פון ניו-יאָרק, האָט מלכהלע געפונען אַ סך נעמען און אַדרעסן פון יידישע סאָלדאַטן אין פאַרשיידע־נע שטעט. יעדעס קינד פון דעם „קלוב פון בריוו-שרייבערס“ האָט אויסגעקליבן אַ נאָמען פון אַ סאָלדאַט צו וועמען צו שרייבן בריוו. מלכהלע האָט באַשלאָסן צו שרייבן צו קאָרפּאָ־ראַל מילטאָן מאַרקוס. פאַרוואָס צו אים? מלכהלע האָט אַליין נישט געוואוסט... אפשר דערפאַר וואָס זיין ערשטער און צווייטער נאָמען הייבן זיך אָן מיטן זעלביקן אות... אָדער אפשר דערפאַר וואָס מילטאָן מאַרקוס איז שוין אַ קאָרפּאָראַל...

אין איר ערשטן בריוו האָט מלכהלע געשריבן צום קאָר־פּאָראַל, אַז זי האָט אויך אייגענע אין דער אַרמיי, זי ווייסט, אַז סאָלדאַטן דאַרפן זיין מוטיק, אַז מע דאַרף באַזיגן היט־לערן: און זי שרייבט אויך צו אים, כדי ער זאָל וויסן, אַז זי ווינטשט אים אַ סך גליק. זי האָט אים אויך געשריבן, ווי אַלט זי איז, אין וועלכן קלאַס זי לערנט, און כדי ער זאָל וויסן, ווי זי זעט אויס, האָט זי אַן אַריינגעלייגט אין בריוו אירם אַ קליין בילדל...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מלכהלע געקראָגן אַן ענטפער. קאָרפּאָראַל מאַרקוס איז געווען זייער צופרידן, ער האָט גע־שריבן, אַז ער האָט געוויזן איר בילדל זיינע חברים, און אַלע האָבן געמוזט צוגעבן, אַז זי איז זייער אַ שיין מיידעלע. ער

---

*) אַ באַזע פון אַמעריקאַנער קריגספלאָט, וואָס איז צע־שטערט געוואָרן דורך אַ פלוצעמדיקן אָנפאַל פון די יאַפּאַנער.

האָט איר אויך געשיקט זײַנס אַ בילדל און געװאָלט װיסן, צי ער געפֿעלט איר... אויב יאָ, װיל ער װיסן, צי זי װעט װאַרטן אויף אים, ביזװאַנען ער װעט צוריקקומען פֿון דער אַרמײ און װערן זײַן כּלה...

מלכּהלע איז געװען גליקלעך. זי האָט זיך פֿאַר יעדן אײנעם באַרימט מיטן בריװ און בײַ דער מאַמען האָט זי געפֿרעגט, װי לאַנג ס׳דאַרף נאָך געדױערן, ביז זי װעט קענען װערן אַ כּלה... אַלע אין הױז האָבן שטאַרק געלאַכט, און מלכּהלע האָט מיטגעלאַכט. װײַזנדיק דעם קאַרפּאָראַלס בילדל, האָט זי אויסגערופֿן מיט באַװאונדערונג:

— איז ער נישט קיין שײנער? קוקט ער נישט אויס װי אַן אמתער העלד?...

מלכּהלע האָט געשריבן און געקראָגן בריװ. זי איז געװען צופֿרידן, װײַל זי האָט געװאוסט, אַז זי טוט אַ גוטע זאַך.

## ב.

אײנמאָל אין אַ פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט, װען איר באָבע, װאָס האָט געװױנט בײַ זײ, האָט געבענטשט ליכט, איז מלכּהלע יוי אַלעמאָל געשטאַנען און האָט זיך צוגעקוקט. די ליכט זײַען געװען אין אַ זילבערנער מנורה, און די באָבע האָט װי שטענדיק אויפֿגעהױבן די הענט איבער די ליכט און עפּעס געשעפּטשעט... אויס נײַגעריקײט האָט מלכּהלע געפֿרעגט:

— באָבע, כ׳זע דיך שטענדיק בענטשן איבער דרײ ליבט, פֿאַרװאָס־זשע בענטשסטו איצטער איבער זעקס ליכט? און װאָס זאָגסטו, װען דו בענטשסט ליכט?

די באָבע האָט געשמײכלט און געענטפֿערט:

— מען קען בענטשן איבער װיפֿל ליכט מען װיל... און מע קען בעטן װאָס מע װיל... איצטער בענטש איך זעקס ליכט פֿאַר מײַנע צװײ זין און פֿיר אײניקלעך, װאָס זײַנען אין דער אַרמײ. איך בעט בײַ גאָט, אַז זײ זאָלן זײַן גוטע סאָלדאַטן, אַז זײ זאָלן זײַן געזונט און קומען צוריק געזונט...

— דאָס איז זײער שײן, — האָט מלכּהלע אַ צופֿרידענע געזאָגט, און פֿאַרטראַכטנדיק זיך אַ װײַלע, האָט זי זיך פּלוצעם געװענדעט צו דער באָבען:

— זאָג מיר, באָבע, קען מען בענטשן ליכט פֿאַר אַ פֿרעמדן?

— זיכער, קינד מײַנס, — האָט די באָבע געגלעט מלכּהלעס קעפּל, — ס׳איז גוט צו בעטן גאָט פֿאַר אַלע מענטשן...

— באָבע, — האָט מלכהלע שטיל געזאָגט, — כ'וויל דיך עפּעס בעטן, איך...

— וואָס, קינד מיינס? — האָט זיך די באָבע געוואונדערט.

— איך וויל, — האָט מלכהלע אַראָפּגעלאָזט די אויגן, — איך וויל דו זאָלסט פון היינט אָן בענטשן זיבן ליכט... בענטש נאָך איין ליכט פאַר נאָך אַ סאָלדאַט... פאַר קאַרפּאָראַל מאַרקוס... דו ווייסט, וועמען איך מיין... איך שרייב צו אים...

די באָבע האָט געטוליעט צו זיך מלכהלען און געזאָגט:

— מיין גוט מיידעלע, אוודאי וועל איך בענטשן נאָך אַ ליכט... קומענדיקן פרייטיק...

מלכהלעס אייגעלעך האָבן געשיינט. פון דעמאָלט אָן האָט די באָבע יעדן פרייטיק געבענטשט זיבן ליכט: זעקס פאַר איר זין און אייניקלעך, און איינס פאַר קאַרפּאָראַל מילטאָן מאַרקוס.

ווען מלכהלע האָט געשריבן מילטאָנען וועגן זיבעטן ליכט, האָט ער איר געענטפערט, אַז ער האָט זי שטאַרק ליב און אַז ער וועט זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. און די פריינדשאַפט צווישן מילטאָן מאַרקוס און מלכהלען איז געוואָרן וואָס אַ טאָג שטאַרקער.

## ג.

איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג איז מלכהלע געפאָרן מיט איר מאַמען איינקויפן פאַרשיידענע זאַכן. ווען זיי זיינען פאַרביי־געגאַנגען אַ צירונג־געשעפט, זיינען מלכהלעס אויגן צוגעשמידט געוואָרן צו די שיינע זאַכן, וואָס זיינען געלעגן אין שויי־פענצ־טער. צווישן די שיינע זייגערלעך און רינגעלעך האָט זי דער־זען אַ שפּילקע אין דער פאָרם פון אַ קליין זיבן־רעריק מנורה־לע, וואָס האָט געגלאַנצט אַנטקעגן דער זון מיט גאָלדענע שטראַלן. מלכהלען איז עפּעס אריין אין געדאַנק. פאַר אירע אויגן האָט זי דערזען דער באָבעס זילבערנע מנורה מיט די זיבן ליכט, פון וועלכע איינס איז פאַר מילטאָנען. זי האָט אָנגעכאַפּט דער מאַמען ביי דער האַנט, און אָנווייזנדיק אויפן גאָלדענעם מנורהלע, האָט זי אויסגערופן.

— מאַמע, זע נאָר, זע!

די מאַמע האָט באַטראַכט דאָס מנורהלע און געזאָגט:

— טאַקע אַ שיין מנורהלע... זייער אַ שיין מנורהלע!

— מאַמע טייערע, — האָט מלכהלע זיך געטוליעט צו דער מאַמען, — קויף מיר דאָס מנורהלע... איך דאַרף עס האָבן...

— אָ, מלכהלע, — האָט די מאַמע געשמייכלט, — דאָס איז צו טייער...

— מאַמע, — האָט מלכהלע ניט אָפּגעלאָזט, — כ׳מוז עס האָבן... קויף עס מיר! דו וועסט מיר דערפאַר נישט דאַרפן קויפן דאָס נייע קליידעלע, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט...

— ווילסטו דאָס מנורהלע פאַר זיך? — האָט זיך די מאַמע געוואונדערט.

מלכהלע האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אײַנגעמורמלט:

— ניין, ניט פאַר זיך... איך וויל עס שיקן מילטאָנען... ער וועט זיך אַזוי פרייען!

די מאַמע האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף איר טעכטערל, און גאָרניט זאָגנדיק, האָט זי זי אָנגענומען בײַ דער האַנט און זיי זײַנען בײדע אַרײַן אין קראָם...

ווען זיי זײַנען אַרויס פון קראָם האָט מלכהלע געדריקט צום האַרצן דאָס שיינע שאַכטעלע מיטן מנורהלע, אויף וועלכן זי האָט געלאָזט אויסקריצן צוויי אותיות: „מ. מ.״, דאָס הייסט — „מילטאָן מאַרקוס״. כאַפּנדיק אַלע מאָל אַ קוק אינעם שאַכטעלע, האָט מלכהלע דעם גאַנצן וועג אַהיים געהאַלטן אין איין קושן דער מאַמען:

— אַ דאַנק מאַמע, ביסט אַזאַ גוטע!

מלכהלע האָט אין עטלעכע טעג אַרום געקראָגן פון מילטאָנען אַ לאַנגן בריוו, אין וועלכן ער האָט איר שטאַרק געדאַנקט פאַר דער שיינער מתנה, צוזאָגנדיק, אַז ער וועט שטענדיק טראָגן די שפּילקע אויף זײַן ברוסט און אַז ער וועט איר פרײַנדשאַפט קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ער האָט איר אויך געשריבן, אַז ווען ער קוקט אויפן מנורהלע, לייענט ער ניט די אויסגעקריצטע אותיות „מילטאָן מאַרקוס״, נאָר — „מיין מלאכל״...

ווי שטאָלץ און ווי גליקלעך מלכהלע איז געווען!

אַזוי האָט זי עטלעכע חדשים זיך דורכגעשריבן מיטן יידישן קאָרפּאָראַל. אויף איר לעצטן בריוו האָט זי אָבער קיין ענטפער ניט געקראָגן. איז מלכהלע געוואָרן אומעטיק און האָט יעדן טאָג אויסגעקוקט אויפן בריווטרעגער, ער זאָל איר ברענגען אַ בריוו פון מילטאָנען. נאָך אַ פּאָר וואָכן וואַרטן איז איר פּלוצעם אָנגעקומען אַ בריוו פון נאָרד-אַפריקע... מלכהלע האָט מיט פרייד געעפנט דעם בריוו, און ווי שטאָלץ זי איז געווען

ווען זי האָט אויסגעפונען, אַז מילטאָן איז אויפן פראָנט אין טוניס.

זי האָט אים דעם זעלביקן טאָג געענטפערט, אַז זי איז שטאָלץ מיט אים, זי האָפט, אַז מע וועט די נאַצים פאַרטרייבן אין ים אַריין, און אַז זי ווינטשט אים און אַלע אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אַ סך גליק...

## ד.

אַז עס זיינען אַריבער נאָך עטלעכע וואָכן און ס'איז פון מאַרקוסן ניט געקומען קיין בריוו, איז מלכהלע אַרומגעגאַנגען אַ טרויעריקע. ביינאַכט האָבן זיך איר געחלומט אַזעלכע שרעק־לעכע זאַכן: אַ שלאַכטפעלד... באָמבעס... געהרגעטע...

זי פלעגט זיך אויפכאַפּן אין מיטן נאַכט אַ פאַרציטערטע, אַ באַגאָסענע מיט שוויים. און אַזוי האָבן זיך געצויגן לאַנגע טעג פון זאָרג און דערוואַרטונג.

ווען מלכהלע איז איינמאָל אַהיימגעקומען פון שול, האָט איר די מאַמע דערלאַנגט אַ פאַרמאַכט בריוו און איז אַ שווייגנ־דיקע אַרויס פון צימער. דער בריוו איז געווען פון וואַשינג־טאָן. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט זי אויפגעריסן דעם בריוו. פאַר אירע אויגן האָט אַ שיין געטאָן אַ גאָלדן מנורהלע, וואָס איז דאָרטן געלעגן. מלכהלע האָט אַ דערשראָקענע אויסגערופן:

— מיין גאָט! מילטאָנס מנורהלע!

אירע אויגן זיינען מיט שרעק געלאָפן איבערן בריוו:

„טייער קינד!

מיר שיקן דיר אָפּ דאָס מנורהלע, וואָס מע האָט געפונען אויפן מונדיר פון קאָרפּאָראַל מילטאָן מאַרקוס. נאָך אַ שלאַכט מיטן שונא ביים ברעג פון אַ טייך אין נאָרד־אַפריקע איז קאָר־פּאָראַל מאַרקוס ניט צוריקגעקומען מיט זיין פּאַטרול־גרופּע. דער איינציקער שפור פון אים איז געווען זיין מונדיר, וואָס מע האָט געפונען אויף אַ בוים ביים ברעג טייך. פון זיין טאָג־ביכל, וואָס איז געווען אין מונדיר, האָט מען אויסגעפונען, ווער דו ביסט, וואו דו וואוינסט, און אַז דאָס מנורהלע איז גע־ווען דיין מתנה פאַר אים...

טייער מיידעלע, עס טוט אונדז זייער וויי, וואָס מיר קע־נען דיך ניט טרייסטן. דו דאַרפסט דערוואַרטן דאָס ערגסטע... זאָלסט אָבער וויסן, אַז קאָרפּאָראַל מאַרקוס איז געווען אַ גו־טער, מוטיקער סאָלדאַט, אונדזער לאַנד איז שטאָלץ מיט אים. מיר וויסן, אַז אויך דו, טייער קינד, וועסט זיין שטאָלץ מיט אים.

קריגס־דעפּאַרטאַמענט"

מלכהלע האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי. ווען די מאַמע איז אויפן געשריי אַריינגעלאָפן, האָט זי מלכהלען געטראָפן ליגן אויפן בעט מיט איר פּנים איןביידע הענט, און אירע אַקסלען האָבן געציטערט פון פאַרשטיקטן געוויין. דערזעענדיק דעם אָפענעם בריוו מיטן מנורהלע, האָט די מאַמע אַלץ פאַרשטאַנען. אַרומנעמענדיק איר טעכטערל, האָט זי געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט בלויז געקענט וויינען צוזאַמען מיט איר קינד...

מלכהלעס פּנימל איז פון יענעם טאָג אָן פאַרצויגן געוואָרן מיטן טרויער פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן. מע האָט זעלטן געהערט איר פריילעך געלעכטער אין שטוב אָדער אין גאַס. איבערן בעט פון איר שלאָפצימער האָט זי אויפגעהאַנגען אַ קליינע אַמעריקאַנער פאָן, צו וועלכער זי האָט צוגעשפּיליעט מילטאָנס בילדל און דאָס גאָלדענע מנורהלע.

יעדן אָוונט, ווען מלכהלע האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט זי שטיל געשעפּטשעט אַ תפילה פאַר איר פאַרלוירענעם אומבאַקאַנטן העלד און פאַר אַלע אַמעריקאַנער סאָלדאַטן. מיט אַ שטילן זיפץ פלעגט זי איינשלאָפן.

וואָכן האָבן זיך געצויגן, גרויע און אומעטיקע... מלכהלע האָט שוין ניט געהאָפט אויף קיין נס...

## ה.

אָבער דער נס איז געקומען. עס איז געשען אין אַ זונטיק. אַלע זיינען געזעסן ביים טיש און געגעסן מיטאָג. מלכהלע האָט געגעסן אַ פאַרטראַכטע. פּלוצעם האָט דאָס טיר־גלעקל אָנגעהויבן צו קלינגען. מלכהלע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און איז געלאָפן עפענען די טיר. באַלד האָט זיך דערהערט איר געשריי:

— מאַמע, מאַמע! ער איז דאָ! ער איז דאָ!

ווען טאַטע־מאַמע און די באָבע זיינען אַריין אין קאָרידאָר, האָבן זיי דערזען אַ הויכן, שיינעם סאָלדאַט, וועמען מלכהלע האָט געהאַלטן אַרומגענומען מיט ביידע הענט און געשריען מיט פרייד:

— מילטאָן, מילטאָן... דו ביסט געקומען! דו לעבסט!

מילטאָן מאַרקוס האָט היים געקושט זיין קליינע פריינדין און פריילעך איבערגעחזרט:

— איך לעב, מלכהלע, אוודאי לעב איך!...

טוליענדיק צו זיך מלכהלען און באַגריסנדיק זיך מיט אַלעמען, איז מילטאָן אַריין אין עסצימער. ווען אַלע האָבן זיך ווי

עס איז באַרואיקט, האָט מילטאָן זיך געזעצט עסן צוזאַמען מיט אַלעמען.

אַלע האָבן אים פאַרוואָרפן מיט פראַגעס. אַלע האָבן געוואָלט וויסן דעם נס פון זיין לעבעדיק ווערן...

אַ פריילעכער האָט מילטאָן דערציילט אַ לאַנגע געשיכטע.

ער איז אַוועק מיט זיין פּאַטרול אויסצוגעפינען, וואו דער שונא געפינט זיך. ס'איז געווען אַ רעגנדיקע, פינצטערע נאַכט. אינדערפרי זיינען זיי אָנגעקומען צום ברעג פון אַ ברייטן טייך... ער האָט אויסגעטאָן זיין דורכגענעצטן מונדיר און אים אויפגעהאַנגען זיך טרוקענען אויף אַ בוים... פּלוצעם איז עס געווען: ס'האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי, און איידער זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט, איז ער מיט זיינע חברים אַרומגערינגלט געוואָרן פון די נאַציס... ווען מע האָט געפונען זיין מונדיר, האָבן די אַמעריקאַנער געמיינט, אַז ער איז געפאַלן אין שלאַכט... אונדזער אַרמיי האָט אין אַ צייט אַרום אַטאַקירט די נאַציס, וועלכע האָבן געמוזט אַפּטרעטן... דעמאָלט האָבן אונדזעריקע אויך פאַרכאַפּט דעם לאַגער פון די אַמעריקאַנער געפאַנגענע...

— און מע האָט דיך געפונען? — האָט מלכהלע אַ פרייִלעכע איבערגעריסן.

— יאָ, — האָט מאַרקוס געזאָגט, — איך בין צוריק געווען צווישן אייגענע...

דיזעלביקע נאַכט האָבן מיר ווידער אַטאַקירט און איך האָב געקענט נקמה נעמען פון די נאַציס... כ'האָב אָבער געקראָגן אַ שווערע וואונד אין רעכטן אַקסל... צוויי וואָכן בין איך געלעגן אין אַ שפּיטאָל... און ווען מיין וואונד האָט זיך פאַרהיילט, האָב איך געקראָגן אורלויב אויף צוויי חדשים... מע האָט מיך צוריקגעשיקט אין די פאַראייניקטע שטאַטן... נעכטן איז אונדזער שיף אָנגעקומען קיין ניו-יאָרק... איך פאָר קיין שיקאַגאָ צו מיינע עלטערן... כ'האָב זיי טעלעגראַפירט... אָבער איידער איך פאָר אַוועק, האָב איך געמוזט זיך אָפּשטעלן ביי אייך... איצטער בין איך דאָ, ביי מיין קליינער כלה...

אַלע האָבן הארציק געלאַכט. מלכהלע איז אַ פאַרפלאַמטע אין אַ טאַנצנדיקע אַריינגעלאָפן אין איר שלאָפצימער און איז באַלד צוריקגעקומען. האַלטנדיק עפּעס אין דער פאַרמאַכטער האַנט, האָט זי זיך געווענדט צו מילטאָנען:

— אָנו, טרעף, וואָס האָב איך דאָ?

און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט זי געעפנט די האַנט און געזאָגט:

— זעסט?
ווען מילטאָן האָט דערזען דאָס גאָלדענע מנורהלע, איז ער אַ דערשטוינטער אויפגעשפרונגען:
— דאָס מנורהלע! ווי קומט עס צו דיר?
מלכהלע האָט אים דערציילט וועגן לעצטן בריוו פון וואַשינגטאָן, און צושפּיליענדיק דאָס מנורהלע צו זיין מונדיר, האָט זי אים פריילעך געוואָרנט:
— דאָס מאָל זאָלסטו שוין דיין מונדיר נישט אויפהענגען אויף קיין בוים!...
מילטאָן האָט געגלעט דאָס מנורהלע אויף זיין ברוסט, און אַרומנעמענדיק מלכהלען, האָט ער מיט אַ ציטערדיקער שטימע געזאָגט:
— ניין, מלכהלע, כ'וועל זיך שוין קיינמאָל מיט דעם מנורהלע ניט שיידן!

# די בשורה

עס איז געווען אַ שיינער, ליכטיקער נאָכמיטאָג. אין דעם הויף פון מאָנאַסטיר *) האָבן זיך געשפּילט גרופּעס קינדערלעך, יינגעלעך און מיידלעך פון פאַרשיידענעם עלטער. די אויפּפּאַסערינס האָבן אָנגעפירט מיט די שפּילערייען. כמעט אַלע קינדער זיינען געווען אויפגעלייגט און האָבן געשטיפט און געלאַכט. זייערע פריילעכע קולות האָבן אָנגעפילט דעם גרויסן שפּילפּלאַץ. די מיידעלעך זיינען געווען אָנגעטאָן אין לייכטע, זומערדיקע קליידעלעך, און די יינגעלעך האָבן בלויז געטראָגן קורצע הייזקעלעך. סיי די מיידעלעך און סיי די יינגעלעך האָבן געטראָגן אויפן האַלדז קליינע צלמלעך, וואָס האָבן געשיינט מיט גאָלד קעגן דער גליענדיקער זון פון הייסן זומער-טאָג.
צווישן די קינדער זיינען געווען עטלעכע יידישע יינגעלעך און מיידעלעך, וואָס כאָטש זיי זיינען געשטאַנען אויפן שפּילפּלאַץ, האָבן זיי פונדעסטוועגן ניט געשפּילט זיך און ניט געלאַכט. זייערע פּנימלעך זיינען געווען פאַרצויגן מיט טרויער און זאָרג. ס'איז שוין אַזאַ לאַנגע צייט, זינט מע האָט זיי געבראַכט אין מאָנאַסטיר אַריין. זיי האָבן זיך שוין כמעט צוגעוואוינט צו אַלצדינג, אפילו צו די קליינע צלמלעך, וואָס די מאָנאַשקעס האָבן זיי געשענקט און געהייסן טראָגן... אָבער

*) אַ קאָנווענט, אַ קלויסטער.

איין זאַך קענען זיי ניט טאָן: זיי קענען ניט לאַכן. זיי האָבן נאָך קיינמאָל אין זייער לעבן ניט געלאַכט... אַזוי ווייט ווי זיי געדענקען, האָבן זיי קיינעם ניט געזען לאַכן. זייערע טאַטעס און מאַמעס, פעטערס און מומעס, און זיידעס און באָבעס — איידער זיי זיינען ערגעץ פאַרשוואונדן — האָבן זיך אַלעמאָל געשראָקן; זיי האָבן זיך אַלעמאָל אויסבאַהאַלטן, און אַלעמאָל, אַלעמאָל געזיפצט און געוויינט.

די אויפפאַסערינס זיינען געווען זייער גוט צו די קינדער. זיי האָבן אָפט דערציילט אַזעלכע פריילעכע מעשיות. זיי האָבן געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן לאַכן און לאַכן. האָבן טאַקע וואָס אַ טאָג מערער קינדערלעך געלאַכט. איצטער ווען די קינדערלעך האָבן זיך געשפּילט אין הויף פון מאַנאַסטיר, אַזוי ווי זיי טוען דאָס יעדן טאָג אין אַ באַשטימטער צייט, האָבן די אויפפאַסערינס אויך געוואָלט אריינציען אין דער שפּיל די עטלעכע פאַרטרויערטע קינדערלעך. איינע פון די אויפפאַסע־רינס האָט זיך געווענדט צו מירעלען:

— מערי, טייערע, פאַרוואָס שווייגסטו? פאַרוואָס לאַכסטו ניט? ס׳איז דאָך אַזאַ שיינע שפּיל! קום, מערי, לויף, שפּרינג און שריי, ווי די אַנדערע קינדער טוען.

מירעלע האָט מיט דאַנקבאַרע אויגן געקוקט אויף דער גו־טער אויפפאַסערין. זי האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט אַ שמייכל טאָן, אָבער אַנשטאָט דעם האָט זיך איר פּנימל פאַרקרימט אין אַ געוויין. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל אַרויס־געשעפּטשעט:

— איך... איך וויל לאַכן... איך... איך קען ניט...

די אויפפאַסערין האָט זי אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן און געזאָגט:

— דו וועסט קענען, מערי, וועסט קענען, דו וועסט זען... אַ גוטער מלאך וועט קומען צו דיר ביינאַכט, און וועט דיר אַ קיצל טאָן... און דו וועסט זיך פּלוצעם אויפכאַפּן, און וועסט אָנהייבן צו לאַכן און לאַכן. כאַ־כאַ־כאַ! — האָט די אויפפאַסע־רין אַליין געלאַכט. — כאַ־כאַ־כאַ... וועסט זען מערי, דו וועסט לאַכן!...

מירעלע האָט גאָרניט געזאָגט. זי האָט אַרומגעכאַפּט די אויפפאַסערין מיטביידע הענטלעך און זיך שטאַרק געטוליעט צו איר.

די אַנדערע קינדער, וועלכע זיינען געווען פאַרטאָן אין די שפּילערייען, האָבן נישט באַמערקט, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען צווישן דער אויפפאַסערין און מירעלען. וואָס אַ מאָל זיינען זיי

געוואָרן מער אַריינגעצויגן אין דער שפּיל; זיי זיינען געווען פאַרשוויצט און באַגייסטערט פון דעם פאַרמעסט צווישן די פאַרשיידענע גרופּעס.

אומדערוואַרט איז אָבער די שפּיל איבערגעריסן געוואָרן. עס האָט זיך פלוצעם דערהערט דאָס ריטמישע הויכע קלינגען פון די קירכן־ גלאָקן אין מאַנאַסטיר. דערשטוינטע, זיינען אַלע, סיי די אויפפּאַסערינס און סיי די קינדער, געבליבן שטיין און ניט געוואוסט, וואָס ס'האָט פּלוצעם פּאַסירט. דאָס קלינגען איז וואָס אַ מאָל געוואָרן שטאַרקער און שנעלער. אַלע האָבן זיך געווענדט מיט די פּנימער צו דער קירך. אַ פּאָר אויפפּאַסערינס האָבן זיך באַלד געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון דער קירך. אָבער פּלוצעם איז אַריינגעלאָפן אין הויף אַריין די שוועסטער מאַריע. איר שטענדיק בלייך פּנים איז געווען צעפלאַמט; אירע אויגן האָבן געשיינט מיט פרייד:

— אוים מלחמה! אוים מלחמה! — האָט זי, אָטעמנדיק שווער, געשריען. — די מלחמה האָט זיך געענדיקט!

אַ פרייד־געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון קליין און גרויס.

— היטלער איז טויט! — האָט די שוועסטער מאַריע געשריען, און אַרומכאַפּנדיק אַ פּאָר קינדערלעך, האָט זי גענומען טאַנצן מיט זיי. — היטלער איז טויט! די וועלט איז פריי! היטלער איז טויט!

די ווערטער „היטלער איז טויט" האָבן ווי עלעקטריזירט אַלע קינדער. זיי האָבן אַרומגערינגלט די שוועסטער מאַריע און זייערע היסטערישע קולות פון פרייד און געוויין האָבן געשפּאַלטן די לופט:

— היטלער איז טויט! היטלער איז טויט!

די קינדער האָבן געיובלט און געשריען. מיט פריידיקע אויגן האָבן זיי געקוקט אויף דער שוועסטער מאַריע און געוואַרט, אַז זי זאָל דערציילן מער וועגן סוף פון דער מלחמה. קומענדיק צו זיך, האָט די בלייכע מאָנאַשקע אויפגעהויבן ביידע הענט איבער די קעפּ פון די קינדער, ווי אַ סימן אַז זי וויל עפּעס זאָגן. די קינדער זיינען באַלד שטיל געוואָרן און געוואַרט.

— קינדער, — האָט די שוועסטער מאַריע אָנגעהויבן, — קינדער, היינט איז זיכער דער גליקלעכסטער טאָג אין אייער לעבן; עס איז אַ גליקלעכער טאָג פאַר אַלע מענטשן אויף דער וועלט. די שרעקלעכע מלחמה איז געענדיקט. מע וועט מער ניט הרגענען; מע וועט מער ניט רויבן; מע וועט מער ניט דאַרפן

לעבן אין טויט־שרעק... מיר וועלן אייך, קינדער, מער ניט דאַרפן אויסבאַהאַלטן אין קעלער פון מאַנאַסטיר. אייערע שונאים זיי־נען טויט; אייערע שונאים זיינען געפאַנגען. פון היינט אָן וועט מען שוין ניט דאַרפן קיין וואך ביים טויער פון מאַנאַס־טיר. די מערדערס וועלן אייך מער ניט קומען זוכן; איר וועט זיין פריי. אייך וועט איצט זיין גוט ביי אונדז...

די קינדער האָבן געשלונגען דער מאנאשקעס ווערטער. מיט פרייליכע שטימען האָבן זיי אויסגערופן:

— מיר זיינען פריי!

— מיר'ן זיך מער ניט דאַרפן שרעקן!

די שוועסטער מאַריע האָט געוואַרט, ביז די קינדער האָבן זיך באַרואיקט, און האָט ווייטער גערעדט:

— טייערע קינדער ,גייט, וואַשט זיך אַרום; טוט אָן אייע־רע בעסטע זאַכן און קומט אַלע אין קירך אַריין... מיר'ן אָפּ־ריכטן תפילות. מיר'ן דאַנקען דעם אַלמעכטיקן גאָט פאַר זיין חסד; מיר'ן בעטן פאַר אַ גערעכטן און אייביקן שלום אויף דער וועלט... גייט, קינדער, גרייט זיך צו.

אין אַ האַלבער שעה אַרום זיינען שוין אַלע קינדער מיט די אויפפאַסערינס געווען אויף זייערע ערטער אין דער האַלב־טונקעלער קירך פון מאַנאַסטיר. אַ גרויס ליכט האָט געוואָרפן אַ בלייכן שיין אויפן בילד פון דער „הייליקער מוטער". די שוועסטער מאַריע האָט געקניט און זיך געצלמט. אַלע האָבן איר באַלד נאָכגעטאָן. די שוועסטער מאַריע האָט אָנגעהויבן צו לייענען אומפאַרשטענדלעכע לאַטיינישע ווערטער פון אַ דיק ספרל. די קינדער האָבן מעכאַניש נאָכגעזאָגט די ווערטער און זיך געצלמט...

יאַנקעלע, דער עלטסטער פון די יינגלעך האָט קניענדיק אַלע מאָל אַ בליק געטאָן אויף די קינדער, וואָס האָבן נאָכגע־שעפּטשעט די תכילות. אַנבייגנדיק דעם קאָפּ אזש נאָענט צום קאַלטן דיל, האָט ער מיט ציטערנדיקע ליפּן געשעפּטשעט: **אל מלך נאמן... שמע ישראל ד׳ אלהינו ד׳ אחד!... אל מלך נאמן...** אַ פּאָר קינדערלעך, וואָס האָבן געקניט נאָענט צו אים, האָבן אויפגעכאַפּט יאַנקעלעס תפילה. מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל האָבן זיי געקוקט פאָרויס אויף דער קניענדיקער מאַנאַשקע, און צוזאַמען מיט די לאַטיינישע, אומפאַרשטענדלעכע תפילות פאַר יעזוס קריסטוסן, האָבן זיי געשעפּטשעט די איינציקע לשון־קודשדיקע תפילה, וואָס זיי האָבן געקענט: **אל מלך נאמן... שמע ישראל אדוני אלהינו, אדוני אחד!...** באַלד האָבן אויך אַנ־

דערע קינדער אויפגעכאַפּט די יידישע תפילה, וואָס יאַנקעלע האָט זיי אויסגעלערנט. זייערע אייגלעך האָבן געשיינט, זייערע הערצעלעך האָבן האַסטיק געקלאַפּט, און מיט גרויסער פליסיקייט האָבן זיי זיך געהאַלטן אין איין צלמען... זיי האָבן פאַר זיך מער ניט געזען דאָס באַלויכטענע בילד פון דער „הייליקער מוטער”; זיי האָבן ניט געוואוסט אפילו, אַז זיי קניען פאַר גאָטס זון, יעזוס; זיי האָבן ניט געוואוסט, אַז זיי צלמען זיך... פאַר זייערע אויגן האָבן זיי געזען דעם גרויסן יידישן גאָט, וואָס רוט אין הימל און קוקט אַראָפּ אויף זיי מיט גוטע שמייכלנדיקע אויגן... די הערצעלעך פון די קליינע אַנוסים האָבן געקלאַפּט, געקלאַפּט: „אל מלך נאמן... אל מלך נאמן”...

יענעם נאָכמיטאָג זיינען די קינדער אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ פיבער. די וואַכזאַמע אויגן פון די אויפּפאַסערינס האָבן זיי געשמערט זיך דורכצוזורעדן וועגן דער גרויסער געשעעניש, וועגן סוף פון דער מלחמה. דערפאַר, אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן און ס׳איז געקומען די צייט זיך צו לייגן שלאָפן, זיינען אַלע שנעל אַריין אין שלאָפצימער און זיך באַלד געגומען אויסטאָן. אַזוי גיך ווי מען האָט אויסגעלאָשן די ליכט, האָבן זיי זיך אויסגעזעצט אויפן דיל, מאַכנדיק אַ קרייז אַרום יאַנקעלען.

יאַנקעלע איז אַ ווײַלע געזעסן שטיל. די שיין פון דער לבנה האָט דורכן פענצטער באַלויכטן זיין צופרידן און שמייכלדיק פנים.

— וואָס שמייכלסטו, יאַנקעלע? — האָט יאָסעלע זיך געוואונדערט.

— איך שמייכל, ווייל איך ווייס, אַז אויך איר שמייכלט... און איך ווייס, פאַרוואָס איר שמייכלט... איר שמייכלט, ווייל איר ווייסט, אַז איר זייט געבליבן גוטע יידישע קינדער... איך האָב היינט געהערט אייער תפילה אין קירך...

— אוודאי זיינען מיר גוטע יידישע קינדער... מיר זיינען דאָך אַנוסים! — האָט בערעלע געשעפּטשעט מיט שטאָלץ.

— מיר האָבן דאָך געגעבן אַ שבועה! מיר האָבן דאָך געשוואוירן ביים הייליקן סידור, — האָט משהלע אונטערגעכאַפּט.

יאַנקעלע האָט ווי שטענדיק גערעדט ווי אַ דערוואַקסענער:

— באַלד קינדער, באַלד וועלן מיר שוין ניט דאַרפן זיין קיין אַנוסים... מיר וועלן פון דאַנען אַוועק... מיר׳ן פאַרלאָזן דעם מאָנאַסטיר! מע וועט אונדז פונדאַנען אַרויסנעמען!

— אַרויסנעמען? — האָבן זיך עטלעכע קינדער געוואונדערט. — ווער?

און פון דער פֿינצטער האָבן זיך געהערט טרויעריקע שטימעלעך:

— אונדזערע טאַטע־מאַמעס זיינען דאָך טויט...

— אויך אונדזערע זיידעס און באָבעס...

— אונדזערע פֿעטערס און מומעס...

— אַלע זיינען דאָך טויט...

— מיר זיינען יתומים...

יאַנקעלע האָט אַ טרויעריק־פֿאַרטראַכטער זיי געטרייסט:

— ערגעץ זיינען דאָך נאָך געבליבן יידן... דאָס יידישע פֿאָלק קען דאָך ניט אונטערגיין... מיין זיידע האָט אַזוי גע־זאָגט... מיין זיידע האָט געוואוסט...

— נו, און אויב מע וועט אונדז פֿונדאַנען ניט אַרויסלאָזן?

— האָט יאָסעלע געצווייפֿלט, — זיי ווילן דאָך דאָ, אַז מיר זאָלן בלייבן מיט זיי... מיר זאָלן בלייבן קריסטן... זיי זיינען דאָך גוט צו אונדז...

— זיי וועלן אונדז מוזן אַרויסלאָזן! — האָט יאַנקעלע כמעט זוי געשריען. — מיר זיינען יידישע קינדער... זיי וועלן אונדז דאָ ניט קענען האַלטן! מיר'ן אַנטלויפֿן!...

— וועלן אונדז אַנדערע קריסטן כאַפּן!...

— וועלן מיר ווידער אַנטלויפֿן! — האָט יאַנקעלע זיך עקשנותדיק געכעסט.

די קינדער האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. זיי האָבן זיך דער־מאָנט, ווי זייערע טאַטע־מאַמעס זיינען געלאָפֿן... ווי מע האָט זיי געכאַפּט... ווי זיי זיינען ווידער געלאָפֿן... געלאָפֿן... גע־לאָפֿן...

אַ פּאָר קינדער האָבן אָנגעהויבן צו כליפּען. יאַנקעלען איז שוין אָפּגעגאַנגען דער כעס. כמעט מיט געבעט האָט ער צו זיי גערעדט:

— זייט רואיק, קינדער. זאָרגט זיך ניט. די מלחמה איז געענדיקט. מיר וועלן אויך זיין פֿריי... יידן וועלן קומען נאָך אונדז... איר וועט זען...

די קינדער האָבן זיך באַרואיקט. יאַנקעלע האָט פּלוצעם באַפֿוילן:

— קינדער, לאָמיר לייענען „קריאת שמע"!

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן, געבראַכט זיין אַלטן סידור. ער האָט אים אָבער ניט געעפֿנט: „קריאת שמע" האָט ער געקענט אויף אויסנווייניק... ער האָט אָבער שטענדיק גענו־מען דעם סידור... ער האָט געוואָלט פֿילן די הייליקייט, די אַנ־

טאָפּן. שטילערהייט, ווי דאָס שעפּטשען פון בלעטער, האָבן די קינדער נאָכגעזאָגט יאַנקעלען די „קריאת שמע".

מיט אַ געפיל פון הייליקייט, פון לויטערקייט און פון האָפענונג זיינען די קליינע אַנוסים אַריין אין די בעטלעך און איינגעשלאָפן מיט אַ געשמאַקן, זיסן שלאָף.

# דער שופר

## א.

אורי געדענקט זייער גוט דעם פרימאָרגן, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל געזען דעם זיידן. יענעם פרימאָרגן איז ער ווי אַלעמאָל אויפגעשטאַנען אַ פריילעכער און גערופן די מאַמע אויף אַ קול:

— אמא! מאמעלע! קום אַהער! איך דאַרף דיך האָבן!

די מאַמע איז דעמאָלט שנעלער ווי אַלעמאָל אַריינגעקומען אין אורים שלאָפצימער און געזאָגט שטיל:

— אורי, שריי נישט אַזוי! רעד שטילער!... דער זיידע שלאָפט!...

אורי האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט און אַ דערשטוינטער געפרעגט:

— דער זיידע שלאָפט? דער זיידע? מיין זיידע? דער זיידע איז ביי אונדז אין הויז?

די מאַמע האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אורין, אים געטוליעט צו זיך און מיט טרערן פון פרייד דערציילט, ווי ביינאַכט איז אָנגעקומען קיין תל אביב אַ שיף מיט אַ סך יידן... ווי די הגנה האָט זיי שטיל און שנעל פון דער שיף אַראָפּגענומען און ווי מע האָט אַלעמען אַוועקגעפירט קיין תל אביב, אין די דערפער, אין די קיבוצים...

— און ווי האָט דער זיידע געוואוסט, וואו מיר וואוינען?

— דער טאַטע האָט אים געבראַכט. דער טאַטע איז אויך געווען ביים ים-ברעג, ווען די שיף איז אָנגעקומען. אַלע יונגע מענטשן פון תל אביב זיינען יענע נאַכט געווען ביים ים... זיי האָבן באַגעגנט ברידער און שוועסטער, טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און באָבעס...

אורי האָט מיט אומגעדולד געוואַרט, אַז דער זיידע זאָל שוין אויפשטיין. ער פלעגט אַלעמאָל מקנא זיין די אַנדערע

קינדער, וואָס האָבן זיידעס... ער האָט אויך געוואָלט האָבן אַ זיידן... און איצטער איז זיין זיידע דאָ ביי זיי אין הויז!...

ווען דער זיידע איז אויפגעשטאַנען און איז אַרויסגעקומען פון שלאָפצימער, האָט די מאַמע אָנגענומען אורין ביי דער האַנט און געזאָגט צום זיידן:

— טאַטע, דאָס איז אורי, אונדזער זונעלע — דיין אייניקל!

אורי האָט ברייט געעפנט די אויגן און געקוקט אויף דעם ווייסינקן, שוואַכן אַלטיטשקן... ער איז געבליבן שטיין און זיך ניט גערירט פון אָרט. דער זיידע איז מיט פּאַמעלעכע טריט צוגעגאַנגען צו אורין, אים מיטביידע הענט געגלעט די בעקלעך און געזאָגט:

— אורי... אורי... אַ שיינער יידישער נאָמען... מיין אייניקל...

דער זיידע האָט מיט ביידע הענט פאַרדעקט די אויגן. זיינע אַקסל האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן... די מאַמע האָט אים אונטערגערוקט אַ שטול און גערעדט:

— טאַטע טייערער, פון היינט אָן און ווייטער וועט דיר זיין גוט. עס וועט אונדז אַלעמען זיין גוט... דו ביסט ביי זיך אין דער היים. ביי דיינע קינדער... ביסט אין תל אביב... אין ארץ-ישראל...

## ב.

דער קליינער אורי ווייסט שוין כמעט אַלצדינג וועגן זיין זיידן, וואָס איז געקומען פון פוילן קיין תל אביב, די ערשטע זאַך, וואָס אורי האָט געפרעגט זיין מאַמען, איז געווען:

— מאַמע, פאַרוואָס איז דעם זיידנס באָרד אַזאַ ווייסע?

— נאַרעלע, — האָט די מאַמע געענטפערט, — זיידעס האָבן ווייסע בערד... אַז דו וועסט זיין אַ זיידע, — האָט זי געשמייכלט, — וועסטו אויך האָבן אַ ווייסע באָרד...

— אַנדערע קינדער האָבן אויך זיידעס: פאַרוואָס זיינען זייערע בערד נישט אַזעלכע ווייסע?

די מאַמע האָט שוין איצטער נישט געשמייכלט. אירע אויגן זיינען פלוצעם פול געוואָרן מיט טרערן, און אַרומנעמענדיק אורין, האָט זי שטיל געזאָגט: — מיין טייער קינד, דו וועסט עס אפשר נישט פאַרשטיין. אָבער דו זאָלסט וויסן, אַז דיין קראַנקער אַלטער זיידע איז דער שטאַרקסטער ייד אויף דער וועלט...

אורי האָט אַ פאַרוואונדערטער אויפגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף דער מאַמעס טרערן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגע־קייקלט פון אירע אויגן.

— יאָ, — האָט די מאַמע ווייטער גערעדט, — דיין זיי־דע איז דער שטאַרקסטער ייד. ער איז דער איינציקער ייד, וואָס איז געבליבן פון אַ גאַנצער שטאָט מיט יידן... ער איז...

— אַ העלד! — האָט אורי אַ באַגייסטערטער פאַרענדיקט דער מאַמעס רייד. — אַ העלד ווי די העלדן פון דער הגנה! אייזן!

—נאָך אַ גרעסערער העלד! — האָט די מאַמע דורך טרערן געשמייכלט.

— איז פאַרוואָס זשע איז זיין באָרד אַזאַ ווייסע? — האָט אורי ניט אָפּגעלאָזט.

— ווייל, קינד מיינס, דיין זיידע האָט איבערגעלעבט די גרעסטע צרות, וואָס אַ מענטש קען איבערלעבן... ער האָט פאַרלוירן זיינע אייגענע, זיינע פריינד, זיינע שכנים, זיינע באַקאַנטע. קיינער איז נישט געבליבן... ער האָט געליטן הונ־גער און דאָרשט, קעלט און היץ, מע האָט אים געשלאָגן, גע־פייניקט, און ער איז פאַר דער צייט ווייס געוואָרן... ווי אַ יוייסע טויב...

אורי האָט יאָ פאַרשטאַנען, וואָס די מאַמע האָט גערעדט. ער געדענקט, אַז מיט אַ צייט צוריק, נאָך איידער דער זיידע איז געקומען קיין תל אביב, האָבן טאַטע־מאַמע אָפט גערעדט פון די נאַציס און פון דעם, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט די יידן אין אייראָפּע... אַ סך מאָל האָט ער געזען, ווי די מאַמע האָט געוויינט, ווען זי האָט געלייענט אַ יידישע צייטונג... זי האָט דעמאָלט גערעדט פון דעם זיידן און פון דער באָבען... פון די פעטערס און מומעס, פון די ברידער און שוועסטער. וואָס זיינען געבליבן פון יענער זייט ים.

ג.

די ערשטע פאָר טעג איז פאַר אורין געווען שווער צו רעדן מיטן זיידן. דער זיידע האָט יאָ געקענט העברעיש, אָבער ווען ער האָט גערעדט, האָט אים אורי נישט געקענט פאַר־שטיין. און ווען אורי האָט גערעדט, האָט דער זיידע נישט פאַרשטאַנען... אָבער אורי האָט ליב באַקומען דעם זיידן און ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים... ער האָט אים אַלעמאָל געפרעגט, וואָס ער וויל, ער האָט אים געבראַכט זיסע פרוכט

צום עסן, קאַלטע וואַסער צום טרינקען... ער האָט אים גע־
וויזן די שיינע שפּילצייג, וואָס ער האָט, די קאָלירטע ביכלעך,
און ווען ער האָט שוין אַלץ באַוויזן, האָט ער געפרעגט:

— זיידע, און וואָס האָסטו? וואָס האָסטו געבראַכט פון
דאָרטן?

ווען אורי האָט געזאָגט דאָס וואָרט „דאָרטן”, האָט ער
געוויזן מיט דער האַנט אַהין, צום ברעג ים, וואו די שיף איז
אָנגעקומען...

דער זיידע האָט אַ שטילן זיפץ געטאָן, געטראַכט אַ ווייל
און געזאָגט:

— פון „דאָרטן” האָב איך גאָרנישט געבראַכט... אַלץ איז
דאָרט פאַרברענט געוואָרן... כ׳האָב בלויז געבראַכט אַ ביסעלע
יאָרן... צו לעבן מיט מיינע קינדער אין דער יידישער היים...

אורי האָט זיך אַרומגעקוקט אין זיידנס צימער. פּלוצעם
האָט ער אויסגערופן:

— זיידע, וואָס ליגט דאָרטן אויפן טישל? וואָס האָסטו
דאָרטן אין קליינעם זעקעלע?

דער זיידע איז צוגעגאַנגען צום טישל, אַרויפגעלייגט די
האַנט אויפן סאַמעטענעם זעקעלע און געזאָגט:

— אורי טייערער, דאָס איז די איינציקע זאַך וואָס כ׳האָב
אָפּגעראַטעוועט... ס׳איז אַ הייליקע זאַך...

— אַ הייליקע זאַך? וואָס איז דאָס, זיידע? ווייז עס מיר!

— ניין, אורי, קענסט עס נישט זען. ניט איצטער... וועסט
דאַרפן וואַרטן, ביז די צייט וועט קומען...

אורי האָט פאַרוואונדערט געקוקט אויפן זעקעלע. דער
זיידע האָט דערווייל גענומען דאָס זעקעלע מיטביידע הענט,
עס פאַרשלאָסן איז טישקעסטל און געזאָגט:

— זאָל עס דאָ ליגן. ווען די צייט וועט קומען, וועסטו
וויסן, וואָס עס ליגט אין זעקעלע.

פון יענעם טאָג אָן האָט אורי ניט געקענט פאַרגעסן דאָס
זעקעלע. ער האָט געטראַכט וועגן הונדערטער זאַכן, וואָס
וואָלטן געקענט ליגן אין אַזאַ זעקעלע! אַ סך מאָל, ווען דער
זיידע איז נישט געווען אין צימער, פלעגט אורי אַריינגיין,
זיך אַוועקשטעלן ביים טישל און קוקן אַהין, וואו דאָס זעקע־
לע איז פאַרשלאָסן. אָבער אורי האָט געוואוסט, אַז ווען אפילו
ער זאָל האָבן דאָס שליסעלע, וואָלט ער אויך נישט געעפנט
דאָס טישקעסטל... ער האָט גוט געדענקט דעם זיידנס ווער־
טער: „ווען די צייט וועט קומען, וועסטו עס זען”...

און די צייט איז געקומען.

## ד.

עס איז געווען אַ ליכטיקער פרייטיק אין דער שיינער שטאָט תל אביב. פון גאַנץ פרי אָן האָט מען געקענט זען, ווי די אַלעמאָל פאַרזאָרגטע מענטשן קוקן אוים יום-טובדיק. אַלע-מענס פּנימער האָבן געשמייכלט, און איינער האָט זיך געגריסט מיטן אַנדערן מיט אַ שטילער פרייד. אַרום מיטאָגצייט האָבן די קינדער אָנגעהויבן צו שטראָמען אַהיים פון די שולן, און פּלוצעם האָבן זיך באַוויזן ווייס-בלויע פאָנען פון די פענצטער און אויף די דעכער. די קראָמען האָבן אינציקווייז זיך פאַר-מאַכט, און הונדערטער מענטשן האָבן זיך געלאָזט גיין מיט יום-טובדיקע טריט צום שטאָט-מוזיי.

אורי איז יענעם טאָג אַהיימגעקומען פון שול, אַוועקגע-לייגט די ביכער, געטרונקען אַ גלאָז מילך און שנעל אַרוים אויף דער גאַס, וואו ס'האָבן שוין געוואַרט אויף אים זיינע חברים. ער מיט זיינע חברים האָבן שוין געוואוסט וועגן דעם גרויסן נס, וואָס וועט פיר אַזייגער נאָכמיטאָג געשען. די לע-רער האָבן מיט ציטערדיקע שטימען, מיט איינגעהאַלטענער פרייד דערציילט די קינדער, אַז ס'איז געקומען דער טאָג פון באַפרייונג, דער טאָג פון אויסלייזונג, דער טאָג, ווען ס'וועט געשאַפן ווערן די יידישע מדינה.

ווען אורי מיט זיינע חברים זיינען אָנגעקומען צום שטאָט-מוזיי, איז די גאַס געווען פאַרפלייצט מיט מענטשן. קיינער האָט נישט געשריען. קיינער האָט נישט געלאַכט. אַלע זיינען געשטאַנען און געוואַרט אויף דער גרויסער געשעעניש. אַלע האָבן געקוקט אויף די גרויסע מעגאַפאָנען, וועלכע האָבן גע-גלאַנצט אַנטקעגן דער זון, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּ-צולאָזן צו מערב. אַלעמענס אויערן זיינען געווען אָנגעשפיצט די הערצער האָבן געקלאַפּט.

פּונקט פיר אַזייגער האָט זיך דערהערט אַ קלאָרע, קלינגנ-דיקע שטים, וואָס האָט אָפּגעהילכט פון די מעגאַפאָנען איבער די אַרומיקע גאַסן:

— היינט איז דער טאָג, אויף וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט געוואַרט צוויי טויזנט יאָר. היינט איז דער טאָג, ווען דאָס יידישע פאָלק וועט ווערן אַ פאָלק גלייך מיט אַלע פעל-קער... זאָל די גאַנצע וועלט וויסן, אַז דאָס פאָלק ישראל האָט אַן אייגן לאַנד, אַן אייגענע מדינה. איר נאָמען וועט אויף אייביק זיין „ישראל"! זאָל גאָט היטן דאָס פאָלק ישראל און די מדינה פון ישראל! אמן!

אַ פריידיק געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלעמענס הערצער. מענטשן האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און געקושט איינער דעם אַנדערן. עלטערן האָבן אויפגעהויבן די קינדערלעך אויף די אַקסלען און אָנגעהויבן צו טאַנצן און צו זינגען. טויזנטער שטימען האָבן אויסגערופן:

— הידד! זאָל לעבן די יידישע מדינה! זאָל לעבן יש־ראל!

די יונגע בחורים און מיידלעך האָבן אָנגעהויבן צו טאַנ־צן אַ הורא. באַלד האָבן אויך די עלטערע מענטשן אָנגעהויבן צו טאַנצן אין קאַראַהאָד. אורי מיט זיינע חברים האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן פון פרייד. אין דער גרויסער שטור־פעניש און טומלעניש האָבן זיי אַריינגעשריגן מיטן גאַנצן כוח פון זייערע לונגען:

— זאָל לעבן ישראל! זאָל לעבן די יידישע מדינה!

## ה.

פלוצעם איז אורי געבליבן שטיין און אויסגעשריען:

— זיידע!

פון צווישן געדיכטן עולם האָט זיך באַוויזן אורים זיידע. זיין פּנים האָט געשיינט, און די אויגן זיינען געווען ביי אים פאַרגאָסן מיט טרערן. דעם זיידנס ווייסע באָרד האָט אויס־געקוקט אַנטקעגן דער פאַרגייענדיקער זון ווי אַ שטיק גאָלד. מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער זיך אַריינגעשטופּט צווישן די יונגע טאַנצנדיקע מענטשן און אָנגעהויבן צו טאַנצן צוזאַמען מיט זיי. אַלע האָבן געקוקט אויף אים מיט ליבשאַפט און באַוואונדערונג. אַ ים מיט פאָנען האָט געפלאַטערט איבער די טאַנצנדיקע מענטשן. אונטער איין אָרעם האָט דער זיידע עפּעס געהאַלטן צוגעדריקט, מיטן אַנדערן אָרעם האָט ער אָנגעכאַפּט אַ גרויסע פאָן און זי געקושט. פּלוצעם איז דער זיידע געבליבן שטיין. אַרום אים האָט דער עולם ווייטער געטאַנצט. מיט אַמאָל האָט ער אַפּירגענומען דאָס זעקעלע פון אונטערן אָרעם. ער האָט עס שנעל געעפנט און אַרויסגענומען אַ שיינעם שופר. ער האָט מיט ציטערדיקע הענט צוגעלייגט דעם שופר צום מויל און באַלד האָט זיך דערהערט דאָס בלאָזן פון שופר אי־בער דער טומלדיקער גאַס. ווען דאָס שופר־בלאָזן האָט זיך דערהערט, האָבן אַלע ווי איינער אויפגעהערט צו טאַנצן און צו זינגען. זיי זיינען געבליבן שטיל און זיך צוגעהערט.

דער אַלטער זיידע האָט אָוועקגענומען דעם שופר פון די ליפּן און מיט אַלע כוחות אויסגערופן:

— עס איז דער שופר פון משיח! משיח איז געקומען!

די מענטשן האָבן מיט באַגייסטערונג אויפגעכאַפּט די רייד פון זיידן און איבערגעחזרט:

— דער שופר פון משיח! משיח איז געקומען!

אורי איז געשטאַנען אַ שטאָלצער לעבן זיידן. דער זיידע האָט אים געגלעט דאָס קעפּל און געזאָגט:

— איצטער ווייסטו שוין, וואָס איך האָב געהאַלטן אין זעקעלע — דעם שופר האָבן די נאַצים נישט געקאָנט צונעמען ביי מיר! זיי האָבן אַלץ ביי מיר צוגענומען — אָבער נישט דעם שופר!

ווען דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, זינגענדיק און טאַנצנדיק איבער די גאַסן פון תל אביב, האָבן אורי מיטן זיידן זיך געלאָזט גיין אַהיים. דאָרט האָט שוין געוואַרט אויף זיי אַן אויסגעפּוצט הויז לכבוד דעם גרויסן יום־טוב.

דער זיידע האָט אַוועקגעלייגט דאָס זעקעלע מיטן שופר אויפן זעלביקן אָרט ביי זיך אין צימער און דערביי געזאָגט:

— געלויבט איז גאָט, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען דאָס קומען פון משיחן. געלויבט איז גאָט, וואָס האָט מיר געגעבן כוח אָפּצוהיטן דעם שופר פון משיח!

# צוויי מוזיקאַנטן

## א.

כמעט יעדן זונטיק פלעגט רחלע פאָרן מיט אירע עלטערן קיין ניו־יאָרק. זיי האָבן געהאַט דאָרט משפּחה. פון דעם שטעטל, וואו זיי האָבן געוואוינט, האָט מען געדאַרפט פאָרן בלויז איין שעה צייט אָנצוקומען אין דער פרייליכער, טומלדיקער שטאָט ניו־יאָרק. רחלע האָט זייער ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין ניו־יאָרק און זי פלעגט שוין אַ גאַנצע וואָך וואַרטן אויפן זונטיק.

כדי אָנצוקומען אין ניו־יאָרק פון זייער שטעטל, האָט מען צוערשט געדאַרפט פאָרן אַ דריי פערטל שעה מיט דער באַן און נאָכדעם מיט דער „פערי”, אַ קליין שיפל, וואָס פירט פּאַסאַזשירן הין־און־צוריק, פון איין ברעג צום אַנדערן. רחלע האָט זייער ליב געהאַט צו פאָרן אויף דער שיף. זי האָט ליב

געהאַט די פרישע ים-לופט און די זון. זי פלעגט זיך אַלעמאָל אַוועקשטעלן אויפן אייבערשטן דעק, זיך אָנשפאַרן אינעם ראַנד פון שיף און קוקן אויפן שטילן, בלויען וואַסער, וואָס ווערט צעשניטן אויף שוימעדיקע פאַסן יעדעם מאָל, ווען אַ שיפל פאַרט פאַרביי.

צוליב נאָך אַ סיבה האָט רחלע ליב געהאַט צו פאָרן אויף דער שיף. יעדן זונטיק פלעגן צוויי מוזיקאַנטן דאָרט שפילן פאַר די פאַסאַזשירן. די מוזיקאַנטן זיינען געווען שוין עלטערע מענטשן. זייערע קעפּ זיינען געווען גרויע, און זייערע פנימער אַזעלכע ערנסטע און טרויעריקע. איינער פון זיי האָט געשפילט אויף אַ פידל, דער אַנדערער האָט געשפילט אויף אַ גיטאַרע און גלייכצייטיק אויף אַזאַ משונהדיקן אינסטרומענט מיט שמאָלע לאַנגע פייפעלעך, פון וועלכע ער פלעגט אַרויסקריגן האַרציקע מעלאָדיעס.

אַ סך פאַסאַזשירן פלעגן זיך אַרומקלייבן אַרום די צוויי שווייגנדיקע, פאַרטרויערטע מוזיקאַנטן און זיך צוהערן צו די זיסע מעלאָדיעס, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיטן שטילן גערויש פונעם שוימעדיקן וואַסער. די מוזיקאַנטן האָבן קיינמאָל ניט געשמייכלט, אפילו ווען זיי האָבן געשפילט פריילעכע, לעבעדיקע לידער. זייערע אויגן זיינען שטענדיק געווען אַראָפּגעלאָזן, און מיט גרויסער ערנסטקייט האָבן זיי אַרויסגעקראָגן אַמאָל פריילעכע און אַמאָל טרויעריקע טענער פון זייערע אינסטרומענטן. זיי פלעגן אויף איין מאָל אָפּשפילן אַ דריי-פיר נומערן. ווען די שיף האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום אַנדערן ברעג, פלעגט דער פידל-שפילער נעמען דעם פידל אין דער לינקער האַנט און מיט דער רעכטער האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ קליין מעשן שיסעלע און עס אונטערגעטראָגן די פאַסאַזשירן, זיי זאָלן אַריינוואַרפן מטבעות. אין שיסעלע האָבן באַלד אָנגעהויבן צו קלינגען ניקלס, דיימס, פעניס... די מענטשן פלעגן אַריינוואַרפן די מטבעות אין איינעניש, און ביי יעדן קלונג פון אַ מטבע האָט דער פידל-שפילער, ניט קוקנדיק יענעם אין די אויגן אַריין, געזאָגט אַ שטילן „דאַנק”. אַ סך פאַסאַזשירן פלעגן גאָרניט אַריינוואַרפן אין שיסעלע. ווי נאָר די מוזיקאַנטן פלעגן אויפהערן צו שפילן, פלעגן זיי זיך אויסדרייען מיטן פנים צום וואַסער, און ווען דער פידלשפילער פלעגט אויסשטרעקן די האַנט מיטן שיסעלע, איז זי געבליבן הענגען אין דער לופטן אַ פאַרשעמטע... דער מוזיקאַנט פלעגט פונדעסטוועגן אַרויסשעפּטשען זיין „דאַנק” און אין איילעניש אונטערטראָגן דאָס שיסעלע צו אַן אַנדערן.

ויתלען האָט זייער פאַרדראָסן אויף די מענטשן, וואָס האָבן ניט אַריינגעוואָרפן קיין מטבע. זי פלעגט מיט רחמנות נאָכ־קוקן דעם פידל־שפּילער, און ווען ער פלעגט צוקומען נאָענט צו איר, פלעגט זי אים אַנטקעגן גיין און אַריינוואַרפן אַ ניקל אין שיסעלע. רחלע האָט אַלעמאָל באַדאַנקט דעם טאַטן פאַר געבן איר אַ מטבע פאַר די מוזיקאַנטן. אַ סך מאָל האָט איר וויי געטאָן דאָס האַרץ, טראַכטנדיק פון דעם, ווי אַזוי די צוויי מוזיקאַנטן פאַרדינען זייער שטיקל ברויט. זי פלעגט טראַכטן, אַז מענטשן, וואָס שפּילן אַזוי שיין און וואָס פאַרשאַפן אַנ־דערע פאַרגעניגן, וואָלטן ניט געדאַרפט אָנקומען צו מטבעות, וואָס פאַלן ווי נדבות אין קליינעם שיסעלע... עס פלעגט איר אַלעמאָל קומען אַ פאַרלאַנג צו פרעגן זיי, ווער זיי זיינען, צי זיי האָבן פאַמיליעס און פאַרוואָס זיי דאַרפן שפּילן פאַר אַרע־מע מטבעות. זי האָט אָבער ניט געהאַט קיין מוט צו פאַרפירן מיט זיי אַ שמועס.

## ב.

אַ לאַנגע צייט האָט רחלע געטראָפן אויף דער שיף די צוויי חברים־מוזיקאַנטן און יעדעס מאָל האָט זי איבערגעלעבט די זעלביקע רחמנות־געפילן און די זעלביקע נייגעריקייט צו וויסן, ווער און וואָס זיי זיינען. אומדערוואַרט האָט רחלע סוף־כל־סוף געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט די מוזיקאַנטן און אויסגעפינען, פאַרוואָס זיי האָבן געמוזט אָנקומען צו אַזאַ מין פרנסה.

דאָס איז געווען אין אַ זונטיק — אַ שיינער, לויטערער זומער־טאָג. רחלע איז ווי געוויינטלעך געפאָרן מיט אירע על־טערן קיין ניו־יאָרק. ווי אַלעמאָל האָבן די צוויי מוזיקאַנטן געשפּילט פאַר די פּאַסאַזשירן. אָבער גאָר אַנדערש איז דאָס מאָל געווען זייער שפּילן, און אויך זיי אַליין, די מוזיקאַנטן, האָבן גאָר אַנדערש אויסגעזען. זייערע פּנימער האָבן געשיינט פון פרייד, און געשפּילט האָבן זיי בלויז פריילעכע לידער. צום ערשטן מאָל האָט רחלע געזען, ווי די צוויי מוזיקאַנטן האָבן געשמייכלט און געקוקט די מענטשן גלייך אין די אויגן אַריין. צוזאַמען מיט איר האָבן אויך אַנדערע פּאַסאַזשירן זיך גע־וואונדערט אויף דער פּלוצלומדיקער מונטערקייט פון די מו־זיקאַנטן.

רחלע האָט זייער שטאַרק געוואָלט וויסן דעם סוד פון זייער פריילעכקייט. זי האָט זיך מיט פרייד געטוליעט צו אירע

עלטערן און ווייזנדיק מיטן פינגער אויף די מוזיקאַנטן, האָט זי געזאָגט:

— כ'וואָלט אַזוי געוואָלט וויסן, פאַרוואָס זיי זיינען היינט אַזוי פריילעך. זיי זיינען דאָך שטענדיק אַזעלכע טרויעריקע!

אויף דעם האָט רחלעס פאָטער געזאָגט:

— אויב דו ווילסט אַזוי שטאַרק וויסן, קענסטו זיי דאָך פרעגן... אפשר וועלן זיי דיר זאָגן...

— גוט! איך וועל זיי פרעגן!

די שיף האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום ברעג. דער פידל־שפּילער האָט ווי אַלעמאָל געקלונגען מיט זיין שיסעלע און געזאַמלט די אַריינגעוואָרפענע מטבעות. אויך דאָס מאָל האָט דער פידל־שפּילער באַדאַנקט פאַר יעדער מטבע, אָבער איצטער איז זיין „דאַנק” געווען העכער און פריילעכער. רחלע האָט אָפּגעוואַרט, ביז ער האָט פאַרענדיקט דאָס קלייבן מט־בעות. זי איז די לעצטע צוגעגאַנגען און אַריינגעוואָרפן איר מטבע. דער פידל־שפּילער האָט געקוקט רחלען גלייך אין די אויגן אַריין און אַ שמייכלענדיקער געזאָגט:

— אַ דאַנק, גוט מיידעלע!

רחלע איז געבליבן שטיין אויפן אָרט. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר קיין ווערטער זיינען איר ניט געקומען אין מויל אַריין. זי איז בלויז געשטאַנען און געקוקט אויפן מוזי־קאַנט. דער פידל־שפּילער איז אויך געבליבן שטיין, און אַריינ־לייגנדיק דאָס שיסעלע אין קעשענע, האָט ער די רעכטע האַנט אַרויפגעלייגט אויף רחלעס אַקסל און אַ שמייכלענדיקער גע־פרעגט:

— ווילסט עפּעס זאָגן, מיידעלע?

רחלעס הערצל האָט אַ ציטער געטאָן און אַ צעטומעלטע האָט זי אַרויסגעשטאַמלט:

— יאָ... איך וויל עפּעס פרעגן... איך וואונדער זיך... איר זייט היינט אַזעלכע פריילעכע...

זיין חבר, דער גיטאַרע־שפּילער, איז אויך צוגעקומען. און דער פידל־שפּילער האָט גערעדט צו רחלען:

— יאָ, מיידעלע, היינט זיינען מיר פריילעכע.—און קוקנדיק אויף זיין חבר האָט ער פאַרגעזעצט: — פאַרוואָס זאָלן מיר ניט זיין פריילעך? היינט שפּילן מיר דאָס לעצטע מאָל אויף דער שיף!

— דאָס לעצטע מאָל? — האָט רחלעס פּנים זיך פאַר־וואָלקנט.

— יאָ, דאָס לעצטע מאָל, — האָט אויך דער גיטאַרע־שפּילער גערעדט, — מיט אונדזער היינטיקן פּאַרדינסט וועלן מיר קענען אָפּצאָלן אונדזער לעצטן חוב.

רחלע איז שוין מער ניט געווען צעטומלט און אַ פּאַר־וואונדערטע האָט זי איבערגעפרעגט:

— אייער לעצטן חוב? איך פאַרשטיי ניט...

— אָ, — האָט דער פידל־שפּילער געשמייכלט, — ס'איז אַ לאַנגע מעשה...

דער גיטאַרע־שפּילער האָט טראַכטנדיק אַ ווײַלע גערעדט צו זײַן חבר, ווייזנדיק אויף רחלען:

— זי האָט דאָך אַ חלק אין אונדזערע פאַרדינסטן... זי איז כמעט יעדן זונטיק געפאָרן אויף דער שיף. פאַרוואָס־זשע זאָלן מיר איר טאַקע ניט דערציילן? — און ווענדנדיק זיך צו רחלען האָט ער געזאָגט:

— אויב דו האָסט צייט, וועלן מיר דיר דערציילן וועגן אונדזער שפּילן אויף דער שיף. מיר גייען איצטער אַראָפּ פון שיף עסן מיטאָג. קענסטו אויך מיטגיין מיט אונדז.

רחלע האָט אַ פריילעכע געזאָגט:

— גוט, איך וועל גיין! — אָבער באַלד האָט זי זיך גע־כאַפּט און געזאָגט:

— איך בין אָבער ניט אַליין. מיינע עלטערן זײַנען מיט מיר.

— גוט, — האָט דער פידל־שפּילער געזאָגט, — רוף זיי צו, וועלן מיר אַלע גיין צוזאַמען.

רחלע איז שנעל צוגעלאָפן צו אירע עלטערן און אין איין אָטעם האָט זי זיי אַלץ דערציילט. באַלד זײַנען אַלע דריי צוגעקומען צו די מוזיקאַנטן. אַלע האָבן זיך באַגריסט און איילנ־דיק זיך זײַנען זיי צוזאַמען מיט די אַנדערע פּאַסאַזשירן אַראָפּ פון שיף. אין עטלעכע מינוט אַרום זײַנען זיי שוין אַלע פינף געזעסן אין אַ קליינעם רעסטאָראַן. יעדער האָט עפּעס באַ־שטעלט צום עסן. אַלע האָבן אַ ווײַלע געשוויגן. פּלוצעם האָט זיך דער פידל־שפּילער געווענדט צו רחלען מיט אירע עלטערן:

— איר זייט דאָך יידן... איך און מיין חבר זײַנען קרים־טן... וועט איר זיכער זיין פאַראינטערעסירט אין דעם, וואָס מיר'ן אייך דערציילן.

רחלע מיט אירע עלטערן האָבן זיך דערשטוינט איבער געקוקט און שווייגנדיק געוואַרט, אַז די מוזיקאַנטן זאָלן אָנ־הייבן דערציילן.

די צוויי חברים-מוזיקאַנטן האָבן דערציילט אַ לאַנגע אינ־טערעסאַנטע געשיכטע. זיי האָבן גערעדט שטיל און מיט גע־פיל. זייערע אויגן זיינען פון צייט צו צייט אָנגעפילט געוואָרן מיט טרערן.

## ג.

דאָס, וואָס זיי האָבן דערציילט, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך מיט 25 יאָר צוריק. זיי, די צוויי חברים ,האָבן דעמאָלט גע־לעבט אין פוילן, אין אַ קליין יידיש שטעטל. זיי זיינען גע־ווען מוזיקאַנטן-קלעזמער. זיי פלעגן שפּילן אויף יידישע שמ־חות, אויף רייכע יידישע חתונות. זיי האָבן ליב געהאַט דאָס יידישע שטעטל, די יידישע איינוואוינער. זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ סך גוטע פריינד. זיי האָבן געהאַט מער פריינד צווישן יידן ווי צווישן זייערע אייגענע, די קריסטן.

עס זיינען אָנגעקומען שלעכטע צייטן. דאָס יידישע שטעטל איז פאַראָרעמט געוואָרן, און זייער ווייניק רייכע חתונות און שמחות זיינען געווען. די צוויי חברים-מוזיקאַנטן האָבן ניט געקענט פאַרדינען אויף קיין שטיקל ברויט, האָבן זיי באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע צו זוכן אַרבעט און גליק. זיי האָבן אָבער אויף קיין רייזע-הוצאות ניט געהאַט. זיינען זיי געווען זייער פאַרצווייפלט. זיי האָבן ניט געוואוסט, וואוהין זיך צו ווענדן נאָך הילף. אָבער זיי זיינען שנעל יאָ געהאָלפן געוואָרן. אַ פאַרמעגלעכער ייד פון יענעם שטעטל (זיין נאָמען איז גע־ווען ר׳ אברהם שאַפּיראָ) האָט זיי אָנגעבאָטן זיין הילף. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער ווייסט, אַז זיי זיינען אָרנטלעכע קריסטן, און אַז ער איז גרייט זיי אויסצולייען אַ פּאָר הונ־דערט דאָלאַר אויף רייזע-הוצאות... זיי וועלן אָפּשיקן דאָס געלט, ווען זיי וועלן געפינען אַרבעט אין אַמעריקע.

אָט אַזוי זיינען זיי געקומען קיין אַמעריקע. דאָ זיינען זיי געוואָרן אוים קלעזמער. זיי האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין שאָפּ, פאַרדינט און אפילו אָפּגעשפּאָרט אביסל געלט. אין צוויי יאָר צייט האָבן זיי אָפּגעשפּאָרט גענוג אָפּצוצאָלן זייער חוב דעם יידישן פריינד. זיי האָבן דעם יידנס פריינדשאַפט קיינ־מאָל ניט פאַרגעסן. זיי פלעגן פון צייט צו צייט שרייבן צו ר׳ אברהמס פאַמיליע און דערציילן פון זייער לעבן אין אַמעריקע. זיי פלעגן אויך קריגן בריוו פון ר׳ אברהם שאַפּיראָ און זיינע קינדער. אין די בריוו פלעגן זיי דערציילן פון די יידן אין שטעטל, פון באַקאַנטע פון דער אַלטער היים. אַזוי זיינען אַוועק יאָרן

און יאָרן און זייער פריינדשאַפט איז ניט איבערגעריסן געוואָרן. כמעט צוואַנציק יאָר זיינען אַזוי אַריבער... ביז זייער לאַנד פוילן האָט געטראָפן דאָס גרויסע אומגליק. היטלער האָט עס פאַרכאַפּט. פון דעמאָלט אָן זיינען שוין מער קיין בריוו ניט אָנגעקומען פון די שאַפּיראָס.

מיט צוויי יאָר צוריק איז צו זיי פּלוצלונג אָנגעקומען אַ בריוו פון ליסאַבאָן, פּאָרטוגאַל. דאָס איז געווען אַ בריוו פון ר׳ אברהם שאַפּיראָס יינגסטן זון. ער איז דער איינציקער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס. די אַנדערע זיינען אומגעקומען. ר׳ אברהמס זון האָט זיי געשריבן פון דעם גרויסן אומגליק, וואָס ס׳האָט געטראָפן די יידן אין פוילן. ער אַליין, ר׳ אברהמס זון, וואַלגערט זיך אַרום אין ליסאַבאָן און האָט ניט אויף קיין שטיקל ברויט. ער האָט אָבער ניט געבעטן קיין געלט אויף קיין ברויט, נאָר אויף הוצאות קיין אַמעריקע. אויב מע וועט אים באַלד ניט שיקן קיין געלט אויף הוצאות, וועט מען אים אַרויסשיקן פון לאַנד, צוריק קיין פוילן...

די צוויי חברים האָבן ניט געהאַט קיין אָפּגעשפּאָרט געלט. זיי זיינען נאָך אַלץ געווען אָרעמע שאַפּ־אַרבעטער. זיי האָבן אָבער געוואָלט העלפן זייער פריינדס זון, זיי האָבן געמוזט העלפן. זיי האָבן געדענקט, וואָס ר׳ אברהם האָט אַמאָל געטאָן פאַר זיי. האָבן זייערע פריינד דאָ אין אַמעריקע גאַראַנטירט פאַר זיי אין אַ באַנק, און מע האָט זיי געליען טויזנט דאָלאַר, וואָס זיי האָבן באַלד אַוועקגעשיקט אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס. אין פינף חדשים אַרום איז שוין שאַפּיראָס זון געקומען קיין אַמעריקע.

דאָס געלט, וואָס זיי האָבן געליען, האָבן זיי געדאַרפט אויסצאָלן אין באַנק וועכנטלעך, יעדע וואָך צו צען דאָלאַר. פון זייערע פאַרדינסטן אין שאַפּ האָבן זיי ניט געקענט אָפּצאָלן דעם חוב, האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז זיי זיינען אַמאָל געווען מוזיקאַנטן, און באַשלאָסן צו שפּילן אויף דער שיף יעדן זונטיק, ווען זיי אַרבעטן ניט אין שאַפּ. ס׳איז שווער געווען צו קלייבן מטבעות־נדבות... זיי האָבן אָבער געמוזט אָפּצאָלן דעם חוב. היינט איז געווען דער לעצטער זונטיק. מאָרגן וועלן זיי אין באַנק מאַכן די לעצטע איינצאָלונג...

— אַ דאַנק, אַ דאַנק! ס׳איז אַזוי גוט צו וויסן, אַז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע מענטשן, ווי איר...

# ווער איז בעסער?

עס איז געווען אַ שיינער זונטיק ביינאַכט. מר. בלאַנקאָ איז געווען אין פּאַרק מיט זיין צעניאָריק טעכטערל, ראָבערטאַ. ער איז געלעגן אויפן גרינעם גראָז אונטערן שאָטן פון אַ בוים און געליינט אַן איטאַליענישע ציימונג. ניט ווייט פונעם אָרט, וואו מר. בלאַנקאָ איז געלעגן, האָט זיך ראָבערטאַ געשפּילט מיט אַנדערע מיידעלעך. די פריילעכע קולות פון די קינדער האָבן אָנגעפילט דעם פּאַרק.

מיטאַמאָל האָט מר. בלאַנקאָ דערהערט, ווי זיין טעכטערל שרייט אויפן קול: „שיני! שיני!" *)

מר. בלאַנקאָ האָט זיך אויפגעזעצט און געזוכט זיין טעכטערל מיט די אויגן. ער האָט דערזען, ווי ראָבערטאַ יאָגט זיך נאָך אַ מיידעלע. ער האָט דערקענט, אַז דאָס איז פריידעלע, דאָס טעכטערל פון זיין יידישן שכן, מר. גרין. האָט מר. בלאַנקאָ זיך שנעל אויפגעהויבן און צוגעלאָפן צו די צוויי קינדער, וואָס האָבן זיך איבער עפּעס געקריגט.

ווען ער איז צוגעקומען, האָט ראָבערטאַ, זייער אַן אויפגערעגטע, דערציילט: — מיר האָבן זיך געשפּילט אין בלענדעניש... האָט מען פאַרבונדן פריידעלען די אויגן... זי האָט געדאַרפט כאַפּן די אַנדערע קינדער... האָב איך אָבער באַמערקט, ווי זי האָט אַראָפּגערוקט דאָס טיכעלע פון די אויגן און געקוקט, וואו די קינדער האָבן זיך באַהאַלטן... האָב איך איר געזאָגט, אַז...

— וואָס האָסטו איר געזאָגט? — האָט מר. בלאַנקאָ אַן ערנסטער געפרעגט.

— איך... איך האָב איר געזאָגט, אַז זי איז אַ... „שיני"...

מר. בלאַנקאָ איז בלייך געוואָרן, און אָננעמענדיק ראָבערטאָן ביי דער האַנט, האָט ער בייז געפרעגט:

— זאָג מיר נאָר, טעכטערל, ווער ביסטו דאָס אַזוינס, וואָס דו רופסט דיין חברטע „שיני"? ווער ביסטו דאָס אַזוינס?

ראָבערטאַ האָט אַ פאַרוואונדערטע געקוקט אויף איר אויפגערעגטן פאָטער. זי האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען:

— איך... איך...

---

*) אַ זידל־נאָמען אויף יידן (אין די פאַר. שטאַטן).

— גענוג! — האָט מר. בלאַנקאָ אויסגערופן. — כ׳האָב שוין גענוג געהערט. קום אהיים!

ראָבערטאָ איז אַ פאַרוואונדערטע און אַ פאַרשולדיקטע נאָכגעגאַנגען איר פאָטער. ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, האָט מר. בלאַנקאָ געזאָגט צו זיין טעכטערל:

— אַזוי... דו מיינסט, אַז דו ביסט בעסער פון פריידע לען... דו רופסט זי צונעמענישן... דו רופסט זי „שיני״...

ראָבערטאָ האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. זעענדיק אָבער, אַז איר פאָטער קוקט ניט אויף איר און אַז ער זוכט עפּעס צווישן אירע שול־זאַכן, איז זי געשטאַנען און געשוויגן. מר. בלאַנקאָ האָט גענומען אַ העפט מיט אַ בלייפעדער, און דערלאַנגענ־דיק עס ראָבערטאָן, האָט ער געזאָגט:

— זעץ זיך אַוועק ביים טיש. זאָלסט ניט אַוועקגיין פונ־דאַנען, ביז דו וועסט ניט אָנשרייבן אין העפט, פאַרוואָס דו ביסט בעסער פון פריידעלען... אַז דו וועסט פאַרטיק ווערן, זאָלסטו מיר ווייזן, וואָס דו האָסט אָנגעשריבן... אָבער געדענק, דו דאַרפסט שרייבן דעם אמת!

מר. בלאַנקאָ איז אַריין אין צווייטן צימער. ראָבערטאַ האָט זיך געזעצט ביים טיש מיטן בלייפעדער אין האַנט און געטראַכט: „אָ, דאָס איז גאָרנישט. איך ווייס שוין וואָס צו שרייבן״. זי האָט געעפנט דעם העפט און מיט גרויסע אותיות אָנגעשריבן אַזוי:

איך בין בעסער פון פריידעלען, ווייל...

דאָ האָט זי אַביסעלע גענומען טראַכטן און באַלד צו זיך געזאָגט:

— איך וועל שרייבן: „אַלע ווייסן, אַז פריידעלע איז אַ „שיני״, אָבער איך...״

דאָ האָט ראָבערטאַ זיך דערמאָנט, אַז זי דאַרף שרייבן דעם אמת. און דער אמת איז, אַז אָפטמאָל רופט מען אויך זי, ראָבערטאָן, „וואָפּ״...״ *)

זי איז טאַקע אַ „שיני״, אָבער איך בין אַ „וואָפּ״... דער אמת איז אָבער, אַז ניט פריידעלע איז אַ „שיני״, און ניט זי איז אַ „וואָפּ״. זיי זיינען גאָר ביידע אַמעריקאַנער קינדער...

— ניין, — באַשליסט ראָבערטאַ, — איך קען ניט שרייבן, אַז פריידעלע איז אַ „שיני״.

— נו, — טראַכט ווייטער ראָבערטאַ, — וועל איך שריי־

---

*) אַ זידל־נאָמען אויף איטאַליענער.

בן, אַז פֿריידעלע איז שמוציק... איר קליידעלע איז שטענדיק פֿאַרשמירט... אָבער איך...

ראָבערטאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף אירע הענט און דער־זען, אַז זיי זענען נישט ריין, זי האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז ערשט היינט אינדערפֿרי האָט איר די מאַמע געזאָגט, אַז זי זאָל בעסער אויסוואַשן די אויערן...

האָט שוין ראָבערטאַ ניט אָנגעשריבן, אַז פֿריידעלע איז שמוציק. באַלד האָט זי זיך עפּעס דערמאָנט און גערעדט צו זיך:

— יאָ, איך קען שרייבן, אַז איך בין קליגער פֿון פֿריידע־לען... איך בין אין פֿינפֿטן קלאַס, און פֿריידעלע איז אין פֿערטן...

זי האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז פֿריידעלע איז יינ־גער פֿון איר מיט צוויי יאָר... ניין, זי איז נישט קליגער פֿון פֿריידעלען... מע דאַרף דאָך שרייבן דעם אמת...

ראָבערטאַ האָט געקוקט אויפֿן ליידיקן בלעטל פּאַפּיר. זי האָט נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט די ערשטע שורה, וואָס זי האָט אָנגעשריבן: „איך בין בעסער פֿון פֿריידעלען, ווייל“...

— אָבער, — האָט ראָבערטאַ געטראַכט, — איך מוז דאָך עפּעס שרייבן, פֿאַרוואָס איך בין בעסער!

ראָבערטאַס אייגעלעך האָבן זיך מיטאַמאָל צעשיינט: זי האָט דאָך עפּעס געפֿונען וואָס צו שרייבן! זי וועט שרייבן, אַז זי, ראָבערטאַ, קען שיין זינגען, און פֿריידעלע קען ניט!...

זי איז שוין גרייט געווען דאָס אָנצושרייבן, אָבער באַלד האָט זי זיך ווידער געכאַפּט: ניין, זי קען דאָס ניט שרייבן! אמת, זי קען טאַקע זינגען, אָבער פֿריידעלע קען דאָך אַזוי שיין שפּילן אויף דער פּיאַנע!...

ראָבערטאַ האָט אַוועקגעלייגט דעם בלייפֿעדער... זי האָט אָפּגערוקט פֿון זיך דעם אָפֿענעם העפֿט און איז געבליבן זיצן אַ פֿאַרטראַכטע.

— ניין, איך בין מיט גאָרנישט בעסער פֿון פֿריידעלען! — האָט זי צום סוף באַשלאָסן.

זי האָט זיך דערמאָנט אָן איר פֿאָטער. זי האָט געוואוסט, אַז ער וואַרט אויף איר אין צווייטן צימער. ראָבערטאַ האָט גענומען דעם העפֿט און מיט שטילע טריט איז זי אַריין צום פֿאָטער אין צימער.

— נו, האָסט שוין אָנגעשריבן? — האָט מר. בלאַנקאַ געפֿרעגט.

ראָבערטאַ האָט אַ פֿאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און

ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, האָט זי דערלאַנגט דעם פאָטער דעם העפט און געוויזן אויפן ליידיקן בלעטל פּאַפּיר... מר. בלאַנקאָ האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט מיט ליבשאַפט אַרומגענומען זיין טעכטערל, זי אַוועקגעזעצט אויף זיינע קני, און גלעטנדיק אירע שוואַרצע געקרייזלטע האָר, האָט ער געזאָגט:

— דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס דו האָסט ווען-עס-איז אָנגעשריבן... איצטער פאַרשטייסטו שוין, פאַרוואָס איך בין געווען בייז, ווען איך האָבן דיך געהערט רעדן נאַרישע רייד?

— יאָ, — האָט זיך ראָבערטאָ געטוליעט צום פאָטער,

— איך פאַרשטיי שוין! איך וועל נאָך היינט איבערבעטן פרייךדעלען...

מר. בלאַנקאָ האָט אַ קוש געטאָן זיין טעכטערל און ווייטער גערעדט:

— קינד מיינס, זאָלסט וויסן, אַז נאָר שלעכטע מענטשן מיינען, אַז זיי זיינען בעסער פון אַנדערע... גוטע מענטשן דאַרפן זיך ליב האָבן, אפילו ווען זיי זיינען אַנדערש... גוטע מענטשן טאָרן איינער דעם אַנדערן ניט באַליידיקן...

— ביסט גערעכט, פּאַ! ביסט גערעכט, — האָט זיך ראָבערטאָ נאָך מער געטוליעט צו איר פאָטער, — איך וועל שוין מער קיינמאָל ניט באַליידיקן קיין צווייטן!

# איך בין משה

## א.

דער קליינער מאָרי האָט ניט ליב געהאַט, ווען זיין באָבע פלעגט אים רופן ביי זיין יידישן נאָמען — משה. ער האָט געהייסן משה נאָכן זיידן, וואָס איז שוין לאַנג געשטאָרבן.

— משהלע, משה! — האָט מאָרי אומצופרידן פּראָטעסטירט. — אַלע קינדער, וואָס הייסן מאָרי, רופט מען מאָרי — דויל איך, מע זאָל מיך אויך אַזוי רופן.

— משה איז אַזאַ שיינער נאָמען ווי מאָרי, — האָט די באָבע ניט נאָכגעגעבן. — ס'איז אַ שיינער יידישער נאָמען.

ס'האָט אָבער ניט געהאָלפן; דער אַכטיאָריקער מאָרי האָט אַלץ פּראָטעסטירט:

— איך שעם זיך. אַלע יידישע קינדער האָבן ענגלישע נעמען, ווייל איך ניט, זיי זאָלן הערן, ווי מע רופט מיך מיט אַ יידישן נאָמען.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מאַרי אָנגעהויבן צו גיין אין אַ יידישער שול.

דער לערער האָט אים ס'ערשטע געפרעגט:

— ווי רופט מען דיך, יינגעלע?

— מאַרי.

— גוט, — האָט דער לערער ווייטער געזאָגט, — אָבער ווי איז דיין יידישער נאָמען?

אַן אומצופרידענער האָט מאַרי אַרויסגעמורמלט:

— משה, מיין באָבע רופט מיך משה.

— גוט, משהלע, מיר וועלן דיך אויך אַזוי רופן. ס'איז אַ שיינער יידישער נאָמען.

פון אָנהייב האָט מאַרי קיין חשק ניט געהאַט צו גיין אין דער יידישער שול, אָבער ער האָט שפּעטער ליב געקראָגן אַלץ, וואָס מע האָט דאָרט געלערנט. דער לערער איז געווען אַזאַ גוטער, און אַלץ, וואָס מען האָט געלערנט, איז געווען אַזוי ניי! באַזונדער האָט מאַרי ליב געקראָגן די מעשהלעך, וואָס דער לערער האָט אָפט די קינדער דערציילט. ווען דער לערער האָט געענדיקט איין מעשה, פלעגן אַלע בעטן:

— לערער, דערציילט אונדז נאָך. ס'איז אַזוי שיין!

דער לערער האָט טאַקע שיין דערציילט .ער האָט דערציילט פונעם מבול, פון נחן מיט דער תיבה, פון אברהם, יצחק און יעקב, פון יוספן מיט די ברידער, און נאָך און נאָך.

פאַר פּסח האָט דער לערער דערציילט די קינדער פון די יידן אין מצרים און פון משהן, וואָס האָט באַפרייט די יידישע שקלאַפן. מאַרי איז איצט שוין געווען צופרידן, וואָס זיין יידישער נאָמען איז משה, אַזוי ווי דער נאָמען פון דעם גרעסטן יידישן העלד. אַך, סאַראַ קלוגער, פאַראַ גוטער, סאַראַ העלד משה איז געווען!

ווען מאַרי איז יענעם טאָג געקומען אַהיים פון שול, האָט ער אין איין אָטעם דערציילט דער מאַמען וועגן דעם וואונדערלעכן מאַן, וועגן גרויסן העלד — משה.

די מאַמע האָט אַ צופרידענע אים אַרומגענומען און געזאָגט:

— זעסט, מאַרי, ס'איז גוט, אַז מע גייט אין אַ יידישער שול!

— מאַרי, מאַרי! — האָט ער איבערגעחזרט. — רוף מיך ניט מאַרי. איך בין משה!... יאָ, משה איז מיין אמתער נאָמען, מיין יידישער נאָמען!

די מאַמע האָט געשמייכלט, און מאַרי האָט ווייטער גע־רעדט:

— מאַמע, ס'איז אַזוי גוט, וואָס איך הייס משה... אָ, ווען איך וואָלט געקענט זיין אַזוי ווי משה! איך וואָלט געקומען צו היטלערן און וואָלט אים...

— כאַ־כאַ־כאַ, — האָט די מאַמע האַרציק געלאַכט און אים אַרומגענומען. — מיין קליינער העלד, מיין משהלע, מיין יידיש יינגעלע!

## ב.

ווען מאַרי איז אויפן צווייטן טאָג געקומען אין דער אַמע־ריקאַנער שול, האָט די לערערין דערציילט די קינדער וועגן אַמעריקאַנער העלדן. ווען זי האָט געענדיקט, האָט זי געפרעגט ביים קלאַס:

— ווער געדענקט, ווי ס'האָט געהייסן דער גרויסער העלד, וואָס האָט באַפרייט די שקלאַפן?

קינדערלעך האָבן געהויבן הענט און פון אַלע זייטן האָט מען אויסגערופן:

— לינקאָלן! לינקאָלן!

די לערערין איז געווען צופרידן. ווען אַלע קינדער האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט, האָט זי באַמערקט, ווי מאַרי שטייט נאָך אַלץ מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט. זי האָט אים גע־פרעגט:

— וואָס ווילסטו זאָגן, מאַרי? האָבן די קינדער ניט ריכ־טיק געענטפערט?

— יאָ, — האָט מאַרי שטיל גערעדט, — אָבער...

— לאָמיר הערן, וואָס דו ווילסט דערציילן, מאַרי, — האָט די לערערין געזאָגט.

— לינקאָלן איז געווען אַ גרויסער מענטש, — האָט מאַרי אויפגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף די קינדערלעך, — אָבער... איך ווייס פון איינעם, וואָס איז געווען נאָך אַ גרע־סערער מענטש. מיין יידישער לערער האָט אונז דערציילט פון משהן. ער, משה, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט ליב געהאַט פרייהייט. מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָט ער גע־זאָגט: אַז מענטשן דאַרפן ניט זיין קיין שקלאַפן. און ער האָט באַפרייט די יידן פון דעם שלעכטן פּרעה.

די קינדער האָבן געקוקט אויף מאַרין און אויף דער לע־רערין. זיי האָבן געוואַרט, וואָס זי וועט זאָגן.

די לערערין האָט געשמייכלט און אַ צופרידענע געזאָגט:

— ביסט גערעכט, מאַרי. קום, שטעל זיך אַוועק פאַרן קלאַס און דערצייל אונדז, וואָס דו ווייסט וועגן משהן.

אַ צעפּלאָמטער און אַ שטאָלצער האָט מאַרי זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן קלאַס און האָט דערציילט מיט אַ זיכערער שטים אַליץ, וואָס ער האָט געוואוסט וועגן משהן. די קינדערלעך האָבן זיך נייגעריק צוגעהערט. ווען מאַרי האָט געענדיקט, האָבן די קינדער שטילערהייט אויסגערופן:

— אמת, ער איז געווען אַ גרויסער מאַן!...

מאַרי איז אַ צופרידענער געלאָפן אַהיים און פריילעך דערציילט דער מאַמען, וואָס איז געשען אין קלאַס.

## חברה באַפרייען די יידן . . .

עס איז געקומען דער יום־טוב פּסח. די קינדער זיינען ניט געגאַנגען אין שול. אין דער פרייער צייט האָט דער קליינער מאַרי ליב געהאַט זיך צו שפּילן מיט זיינע חברים און חברטעס. דעם ערשטן טאָג פּסח זיינען עטלעכע קינדער געקומען צו מאַרין אין הויז אַריין. מאַרים מאַמע האָט זיי געגעבן געשמאַקע פּסחדיקע נאַשערייען און נים צום שפּילן זיך.

ווען די מאַמע איז אַרויס פון הויז, האָבן מאַרים פריינד געזאָגט:

— מאַרי, לאָמיר זיך אין עפּעס שפּילן. לאָמיר זיך שפּילן אין נים.

— ניין, קינדער. אין דרויסן וועלן מיר זיך שפּילן אין נים. אין הויז קענען מיר זיך שפּילן אין עפּעס אַנדערש.

— לאָמיר זיך שפּילן אין בלענדעניש! — האָט איינער אויסגערופן.

— ניין, — האָט מאַרי נישט איינגעשטימט, — היינט איז פּסח. לאָמיר מאַכן אַ שפּיל, ווי משה באַפרייט די יידן פון מצרים. איר קענט דאָך אַלע די מעשה פון פּסח.

— מאַרי איז גערעכט, — האָבן די קינדער איינגעשטימט.

— דו, מאַרי, וועסט זיין משה... דיין נאָמען איז דאָך טאַקע משה.

— און איך וועל זיין אהרן, משהס ברודער, — האָט דער קליינער אַרעלע אויסגערופן.

— און איך וועל זיין מרים, משהס שוועסטער, — האָט מירעלע געפּאַטשט מיט די הענטלעך.

— און ווער וועט זיין פּרעה? — האָט פּייוול דער רויטער געפּרעגט.

מאַרי האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף די קינדערלעך, און ווייזנדיק אויף פּייוולען, האָט ער באַפוילן:

—דו, פּייוול, וועסט זיין פּרעה ... דו ביסט אַ רויטער... אַלע ווייסן, אַז רויטע זיינען שלעכטע... יאָ, דו וועסט זיין פּרעה...

— ניין, נישט איך! — האָט פּייוול פּראָטעסטירט. — איך וויל נישט זיין קיין רשע...

— ס'וועט דיר ניט העלפן, ברודערל, — האָבן די קינדער צוזאַמען אויסגערופן, — מאַרי איז גערעכט. דו פּאַסט זיך גוט פאַר פּרעהן.

— ניין, זאָג איך. איר קענט מיך ניט צווינגען.

— זיי ניט קיין נאַר, — האָט מאַרי איינגערעדט פּייוולען, — דאָס איז דאָך בלויז אַ שפּיל... מיר קענען ניט האָבן קיין פּסח־שפּיל אָן פּרעהן...

— אָלרייט, — האָט פּייוול נאָכגעגעבן, — אָבער רופט מיך ניט שפּעטער פּרעה ... איך קען דאָך אייך... איך בין אַזוי גוט ווי איר...

— איז אָפּגעמאַכט! — האָט מאַרי באַפוילן. — לאָמיר אָנהייבן. דו פּייוול, כ'מיין פּרעה, זעץ זיך אַוועק אויף דעם גרויסן שטול... דו ביסט דער מלך פון מצרים. איך, משה, וועל קומען מיט אַרעלען, כ'מיין מיט מיין ברודער אהרן, און דיך בעטן זאָלסט באַפרייען די יידן...

— איך וועל ריידן צו פּרעהן. — האָט אַרעלע אויסגערופן. — איר ווייסט דאָך, אַז משה האָט נישט געקענט גוט רעדן. ער האָט געשטאַמלט... זיין ברודער אהרן האָט גערעדט צו פּרעהן.

— אָבער זאָלסט רעדן צו דער זאַך... — האָט מאַרי געוואָרנט אַרעלען.

— זאָרג זיך נישט... איך ווייס שוין וואָס צו זאָגן. לאָמיר אָנהייבן.

פּרעה, דאָס הייסט, פּייוול, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און אָנגעטאָן אַ מאַטראָסן־היטל אויף דער לינקער זייט (אַ קעניג דאַרף דאָך אַ קרוין...). מאַרי און אַרעלע (דאָס הייסט, משה און אהרן) זיינען צוגעקומען צום „טראָן" און האָבן זיך פאַרנייגט פאַרן קעניג. פּרעה האָט מיט כעס אויסגערופן:

— וואָס טוט איר, יידעלעך, ביי פּרעהן אין פּאַלאַץ?

אַרעלע האָט זיך ווידער פאַרנייגט און געזאָגט:

— גרויסער קעניג פּרעה, אינעם נאָמען פון גאָט פון יש־ראל: לאָז אַרויס די יידן פון מצרים...

— דער גאָט פון ישראל? — האָט פּייוול זיך צעבייזערט.

— כאַ־כאַ־כאַ... דער גאָט פון ישראל... איך בין גאָט. איך בין איינער און ווייטער קיינער.

— זאָל זיין אַזוי, — האָט אַרעלע נאָכגעגעבן, — אָבער באַפריי די יידן. שוין הונדערטער יאָרן ווי זיי זיינען שקלאַפן פאַר די פּרעהס... לאָז זיי אַרויס.

— איך וועל אויסראָטן אַלע יידן, — האָט פּייוול זיך פאַרעקשנט, — זיי וועלן אייביק זיין מיינע קנעכט... איך וועל זיי פּייניקן, איך וועל זיי פאַרשיקן אין קאָנצענטראַציע־לאַ־גערס... איך וועל זיי דערשטיקן אין די געטאָס... איך וועל זיי פאַרהונגערן און אויסשיסן ווי די הינט...

— העי, פּייוול! — האָט מירעלע זיך אַריינגעמישט. — דו רעדסט דאָך ווי היטלער... דו שפּיל בעסער די ראָלע פון פּרעהן...

— גערעכט, — האָט זיך אויך פייגעלע אָפּגערופן, — וואָס פאַר אַ קאָנצענטראַציע־לאַגערס? וואָס פאַר אַ געטאָס? דו רייד בעסער פון די יידן אין מצרים...

— אָלרייט, אָלרייט, — איז פּייוול צוריק אַריין אין פּרעהס ראָלע, — איך, דער קעניג פון מצרים, באַפעל, אַז די יידן זאָלן פאַר מיר בויען די שטעט פּיתום און רעמסס... זיי זאָלן מאַכן ציגל פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט... זייערע קינדער זאָל מען אַריינוואַרפן אין טייך אַריין.. און פריי וועלן די יידן נישט ווערן...

— אויב אַזוי, — האָט משה זיך אָפּגערופן, — וועלן מיר אָנשיקן אויף דיר די צען מכות.... וועסטו זיך שוין קראַצן...

„משה" און „אהרן" האָבן פאַרלאָזט „פּרעהן", און חברה האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. עטלעכע האָבן אַרומגע־רינגלט פּייוולען און געקראָכן און געקוואַקעט ווי זשאַבעס; אַנ־דערע האָבן אים באַשפּריצט מיט אַ פלעשל „פּאַפּ", דאָס הייסט בלוט... אַ פּאָר האָבן אויסגעלאָשן די ליכט אין הויז און פאַר־האַקט די לאָדן, און ס'איז געוואָרן פינצטער־חושך ווי אין מצרים... און די גאַנצע צייט האָט פּייוול געשריען:

— מיין האַרץ איז האַרט ווי אַ שטיין... איך וועל נישט אַרויסלאָזן די יידן...

— דו וועסט שוין ווייכער ווערן! — האָט מאַרי אויס־

גערופן. — מיר׳ן אָנשיקן אויף דיר די בייזע חיות פון וואַלד.
און ווענדנדיק זיך צו די קינדער האָט ער געקאָמאַנ־דעוועט:
— זאָלן אהער קומען די בייזע חיות. דו וועלוועלע, וועסט זיין אַ וואָלף... דו בערעלע, וועסט זיין אַ בער.. און דו לייבע־לע, וועסט זיין אַ לייב...
— נו, און איך? — האָט הירשעלע אויסגערופן. — איך בין דאָך אַ הירש!
— ניין, — האָט מאָרי באַשלאָסן, — מיר דאַרפן בייזע חיות... אַ הירש איז ניט קיין בייזע חיה...
— איך וועל זיין בייז... איך לעב דאָך אויך אין וואַלד, — האָט הירשעלע ניט נאָכגעגעבן.
— זאָל ער אויך זיין אַ חיה, — האָבן די קינדער זיך אריינגעמישט.
— נו, און מיר? — האָבן פייגעלע און טייבעלע זיך באַ־קלאָגט — מיר לעבן דאָך אויך אין וואַלד...
— אָ, ניין! דאָס ניט — האָבן אַלע אויסגערופן. — וואָס פאַר אַ חיות זייט איר? מיר דאַרפן בייזע, שלעכטע חיות, ניט קיין פייגעלעך און טייבעלעך... פרעה וועט זיך פאַר אייך ניט שרעקן...
און די חיות האָבן זיך געלאָזט אויף פרעהן. זיי האָבן גע־קוויטשעט, געוואָיעט און געברומט ווי אמתע חיות; זיי האָבן געריסן שטיקער פון פיוולען, ביז ער האָט נעבעך אָנגעהויבן זיך צו בעטן:
— טייערער משה, גוטער משה. איך וועל שוין זיין גוט...
— איך וועל באַפרייען די יידן...
— געדענק זשע, — האָט משה געסטראַשעט, — מיר האָבן נאָך ניט אויסגענוצט אַלע כחות...
דער סוף איז געווען, אַז פרעה האָט באַפרייט די יידן און ס׳איז בלויז געבליבן אַריבערצוגיין דעם „רויטן ים". חברה זיינען אַריין אין וואַש־צימער, אָנגעלאָזט אַ פולע וואַנע מיט וואַסער, אַ ים מיט וואַסער...
— עס דאַרף דאָך זיין אַ רויטער ים, — האָט מירעלע דערקלערט.
— גערעכט, מירעלע — האָט מאָרי זיך געכאַפּט, — ס׳וועט שוין זיין רעכט...
ער איז אַריינגעלאָפן אין צווייטן צימער און באַלד פון דאָרט געבראַכט אַ פלעשעלע מיט רויטן טינט און עס אַריינ־

געגאַסן אין דער וואַנע. אַלע האָבן געפּאַטשט מיט די הענט און געשריען:

— אַ רויטער ים, אַ רויטער ים...

— זייט גרייט, יידן! — האָט מאַרי אויסגערופן. — איך, משה, וועל שפּאַלטן דעם ים...

און ער האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט אַ שטעקן איבערן וואַסער. די קינדער האָבן אָנגעהויבן שרייען מיט באַנומענע קולות:

— מיר גייען אַריבער דעם ים אויף דער טריקעניש... אויף דער טריקעניש.

— וויי איז מיר! — האָט זיך דערהערט דער מאַמעס קול. וואָס איז אָנגעקומען אויפן געשריי. — וואָס טוט זיך דאָ? איר האָט דאָך געמאַכט אַ חורבן אין הויז!

די קינדער זיינען פאַרשולדיקטע אַנטשוויגן געוואָרן. און מאַרי האָט זיך פאַרענטפערט:

— זיי ניט בייז, מאַמע. מיר האָבן געשפּילט אַ פּסח־שפּיל... מיר האָבן באַפרייט די יידן פון מצרים.

— גייט, שפּילט זיך אינדרויסן. אַרויס פון דאַנען! — האָט זיך די מאַמע כלומרשט געבייזערט:

האָט זיך מאַרי אָפּגערופן צו די קינדער:

— קומט, לאָמיר אַרויסגיין אין דרויסן.

און אָנהייבנדיק צו זינגען אַ ליד, וואָס ער האָט אַליין צוגעטראַכט, האָבן אַלע אונטערגעהאָלפן און אַרויסגעמאַרשירט פון הויז מיט געזאַנג:

פּרעה, פּרעה, בייזער פּרעה,
לאָז אַרויס די יידן גיך;
מאַכט אַ וואַרע, מאַכט אַ וואַרע,
ווייל משה — דאָס בין איך.

# א י נ ה אַ ל ט :